# DI FARSHVERUNG FUN PYESKO IN GENUA

Friedrich Schiller

שריפטן פון פרידריך שילער

# די פאַרשווערונג פון פיעסקאָ אין גענוע

א רעפובליקאַנישע טרויערשפּיל

יידיש פאַלק היילפּערין



ווילנע—1929—וואַרשע

ווילנער פאַרלאַג פון ב. קלעצקין

# הקדמה.

די געשיכטע פון דערדאָזיקער פאַרשווערונג האָב איך גענומען דער עיקר פון דעם קאַרדינאַל רעצם Conjuration du Comte Yean Louis de Fiesque, פון דער Histoire de Conjurations, פון דער Histoire de Génes און פון דעם דריטן טייל ראָבערטסאָנס „געשיכטע פון קאַרל דעם V“. פרייהייטן, וועלכע איך האָב מיר ערלויבט בנוגע געשעענישן, וועט מיר דער האַמבורגער דראַמאַטורג מוחל זיין, אויב זיי זיינען מ'ר געלונגען; און אויב ניט— וויל איך בעסער מיין פאַנטאַזיע פאַרדאַרבן, איידער די פאַקטן. די אמתע קאַטאַסטראָפע פון דעם קאָמפּלאָט, אין וועלכער דער גראַף איז דורך אַן אומגליקלעכן צופאַל געגאַנגען צום גרונט, מוז דורכאויס געענדערט ווערן, מחמת די נאַטור פון דער דראַמע ליידט ניט קיין צופעליקייטן אָדער קיין אוממיטלבאַרע השגחה פרטית. עס וואָלט מיך זייער געוואונדערט, פאַרוואָס האָט נאָך קיין דראַמאַטישער דיכטער ניט געאַרבעט איבער דעמדאָזיקן שטאָף, ווען איך וואָלט ניט געפונען קיין גענוגן יסוד דערצו אין דער אומדראַמאַטישער ווענדונג גופא פון דער געשעעניש. העכערע גייסטער זעען, ווי די צאַרטע פעדים פון דעם שפּינוועבס פון אַ טאַט לויפן דורך דעם גאַנצן שטח פון דער וועלט־סיסטעם און פאַראייניקן אפשר די וויטסטע גרעניצן פון דער צוקונפט מיט דער פאַרגאַנגענהייט, דאָרט, וואו דער פשוטער מענטש זעט מער גאָרנישט, ווי אין די פרייע לופטן שוועבנדיקע פאַקטן. אָבער דער קינסטלער שאַפט פאַר דער קורצער ראיה פון דער מענטשהייט, וועלכע ער וויל באַלערנען, ניט פאַר דער שאַרפזיכטיקער אַלמאַכט, פון וועלכער ער לערנט זיך אַליין.

איך האָב אין מיינע „רויבער" געגומען צום מאָלן דעם
קרבן פון אומגעהייערע תּאוות. — דאָ האָב איך געפּרוּווט דעם
היפוך, מאָלן אַ קרבן פון דער קונסט און פון דער פאַלשקייט.
אָבער פּיעסקאָס אומגליקלעכע אונטערנעמונג קאָן פּונקט אַזוי
לייכט אויף דער סצענע פאַרלירן די שאַפונגס־קראַפט, ווי מערק־
ווערדיק זי האָט זיך געמאַכט אין דער געשיכטע. אויב ס'איז אמת,
אַז נאָר געפיל וועקט געפיל, דאַן, דאַכט מיר, קאָן דער פּאָלי־
טישער העלד אַלץ ווייניקער פּאַסן פאַר דער סצענע, וואָס
מער ער מוז דערנידעריקן דעם מענטשן, כּדי צו ווערן דער פּאָלי־
טישער העלד. דעריבער האָב איך ניט געהאַט די מאַכט אין מיין
געשיכטע אַריינצוהויכן יענע לעבעדיקע גלוט, וועלכע באַהערשט
דעם ריינעם פּראָדוקט פון דער באַגייסטערונג. אָבער אַרויסצו־
שפּינען די קאַלטע אומפּרוכטבאַרע פּאָליטישע אַקציע פון דעם
מענטשנס האַרצן, כּדי דורך דעם גופא ווידער זי אָנצוקניפּן אָן
מענטשנס האַרצן, פאַרפלאָנטערן דעם מענטשן דורך זיין פּאָלי־
טיש קלוגן קאָפּ, און פון דער כיטרער אינטריגע נעמען סי־
טואַציע פאַר דער מענטשהייט — דערויף האָט מיר געקלעקט כּוח.
מיינע באַציִונגען מיט דער בירגערלעכער וועלט מאַכט מיך אויך
מער באַקענט מיטן האַרצן, איידער מיט דעם קאַבינעט, און אפשר
איז טאַקע גראָד די דאָזיקע פּאָליטישע שוואַכקייט פאַרוואַנדלט גע־
וואָרן אין פּאָעטישער טוגנד.

שילער.

# פּערזאָנען.

**אַנדריי דאָריאַ** — דאָזש פון גענוע. אַ כּבֿודיקער זקן פון 80 יאָר. אין אים זיינען נאָך פאַראַן שפּורן פון פייער. דער הויפּטשטריך: וואָגיקייט און שטרענגע באַפעלנדיקע קורצקייט.

**דזשיאַנעטינאָ דאָריאַ** — דעם פאָריקנס פּלימעניק, פּרעזידענט, אַ מאַן פון 26 יאָר. ברוטאַל און צעלאָזן אין רייד, גאַנג און מאַנירן. פּויערלעך שטאָלץ. אַן אומאָנגענעם געזיכט. (ביידע דאָריאַס טראָגן פּורפּור־קליידער).

**פיעסקאָ**, גראַף פון לאַוואַניע — דער ראש פון דער פאַרשווערונג, אַ יונגער, שלאַנקער, בליענד־שיינער מאַן פון 23 יאָר. שטאָלץ, מיט אָנשטענדיקייט; פריינדלעך, מיט געהויבנקייט; געשיקט, ווי אַ הויפמאַן, און אויך אַזוי ביטרע. (אַלע נאָבילים גייען שוואַרץ געקליידט. די קליידונג איז דורכאוים אַלט דייטשיש).

**ווערינאָ** — אַ פאַרשווערער, רעפּובליקאַנער, 60 יאָר אַלט, חשובֿ, ערנסט און אומפריינדלעך. די שטריכן פון פּנים טיפע.

**בורגאָנינאָ** — אַ פאַרשווערער, אַ יונגערמאַן פון 20 יאָר. איידל און אָנגענעם. שטאָלץ, האַסטיק און נאַטירלעך.

**קאַלקאַניאָ** — אַ פאַרשווערער, אַ מאָגערער ווייבערניק, 30 יאָר אַלט. אַן אָנגענעמער פּנים און אונטערנעמעריש.

**סאַקאָ** — אַ פאַרשווערער, אַ מאַן פון 45 יאָר. אַ געוויינלעכער מענטש.

**לאָמעלינאָ** — דזשיאַנעטינאָס ליבלינג. אַן אויסגעטריקנטער הויפמאַן.

| | | |
|---|---|---|
| **צענטוריאָנע** | } | אומצופרידענע. |
| **ציבאָ** | | |
| **אַסעראַטאָ** | | |

ראָמאַנאָ — אַ מאַלער, פריי, איינפאַך אין שטאָלץ.

מולעי־האַסאַן — אַ מורין פון טוניס, אַ פאַלשער מענטש. • די פיזיאָגנאָמיע — אַן אָריגינעלע מישונג פון שווינדלער און פאַיאַץ.

אַ דייטש — פון דעם הערצאָגס לייבוואַך, ערלעכע פשטות, קראַפט און דרייסטקייט.

דריי בונטעוועדיקע בירגער.

לעאָנאָרע — פיעסקאָס ווייב, אַ דאַמע פון 18 יאָר, אַ בלאַסע און אַ דינע, צאַרט און פילבאַר, זייער אַנציענד, אָבער ווייני־קער בלענדנד. אין געזיכט טרוימעריש מעלאַנכאָליש. שוואַרץ געקליידט.

יוליע — גרעפין, אלמנה פון אימפעריאַלי, דזשיאַנעטינאָס שוועסטער, 25 יאָר אַלט, גרויס און פול, אַ שטאָלצע קאָ־קעטקע. די שיינקייט פאַרדאָרבן, בלענדנד, נאָר ניט אַנגענעם. דער פנים באַווייזט אַ בייזן אָפּשפּעטלעכן כאַ־ראַקטער. שוואַרץ געקליידט.

בערטע — ווערינאָס טאָכטער. אַן אומשולדיק מיידל.

ראָזע, אַראַבעלע — לעאָנאָרעס קאַמערמיידלעך.

פילע נאָבילים, בירגער, דייטשן, סאָלדאַטן, באַדינער.

די אַקציע קומט פאָר אין גענואַ, אין 1547.

# ערשטער אַקט

אַ זאַל ביי פּיעסקאָן. פונדערווייטן הערט זיך טאַנצמוזיק און דער סיגנל פון אַ באַל.

## ערשטע סצענע

לעאָנאָרע פּאַרמאַסקירט, ראָזע און אַראַבעלע לויפן צערודערטע אויף דער בינע.

### לעאָנאָרע

רייסט אַראָפּ די מאַסקע.

גענוג! כ'ער קיין וואָרט ניט! עס איז ווי דער טאָג קלאָר! וואַרפט זיך אין אַ פּאַסטעל. דאָס פּטרט מיך אַוועק!

### אַראַבעלע

גנעדיקע פרוי!

### לעאָנאָרע

אויפשטייענדיק.

פאַר מיר אין די אויגן! מיט אַ קאָקעטקע, וואָס די גאַנצע שטאָט קען זי! אָפּן פאַר דעם גאַנצן אַדל פון גענוע! מיט וויטאָג. ראָזאַ! בעלאַ! און פאַר מיר אין די פאַרוויינטע אויגן!

### ראָזע

נעמט אָן די זאַך פאַר דאָס, וואָס עס איז געווען אין דער אמתן,— אַ העפלעכקייט —

### לעאָנאָרע

העפלעכקייט? — און דער ליידנשאַפטלעכער קענגזייטיקער שפּיל פון זייערע אויגן? דאָס דערשראָקענע לויערן נאָך אירע באַוועגונגען? דער לאַנגער און לאַנגזאַמער קוש אויף אירע נאַקעטע הענט, וואו דער שפּור פון זיינע ציין איז נאָך איצט פאַרבליבן ווי אַ פלאַמ-רויטער פלעק? האַ! און די שטאַרע טיפע פאַרשיכורטקייט, אין

וועלכער ער איז, ווי אַן אויסגעמאָלטע אַנטציקונג, געזעסן פאַרזונ קען, גלייך ווי די גאַנצע וועלט אַרום אים איז פאַרשוואונדן געוואָרן, און נאָר ער אַליין מיט דער דאָזיקער יוליע זיינען געבליבן אין דעם גרעניצלאָזן רוים? העפלעכקייט! גוטע קינד, וואָס האָט נאָך קיינמאָל ניט געלעבט, רייד מיר ניט וועגן העפלעכקייט און ליבע!

ר אָ ז ע

איז דאָך נאָך בעסער, מאַדאָנאַ! איין מאַן פאַרלירן, הייסט צען פאַרערער געווינען.

ל ע אָ נ אָ ר ע

פאַרלירן? איין קליינער צערייצטער פולס פון די געפילן הייסט שוין פיעסקאָן פאַרלאָרן? גיי, ניפטיקער פלוידערזאַק! — זאָלסט מיר מער ניט קומען פאַר די אויגן! — אַן אומשולדיקער שפּאַס — אפשר העפלעכקייט? ניט אַזוי, מיין צאַרט־פילנדיקע בעלאַ?

אַ ר אַ ב ע ל ע

אַוודאי. גאַנץ זיכער אַזוי.

ל ע אָ נ אָ ר ע

אין מחשבות פאַרזונקען.

און אויב זי איז אים אין האַרצן אַריין? אויב הינטער יעדן געדאַנק זיינעם איז באַהאַלטן איר נאָמען? — יעדע זאַך אין דער נאַטור רעדט אים וועגן איר? — וואָס איז דאָס? וואו בין איך? וואָס אויב די גאַנצע שיינע מלכותדיקע וועלט איז מער ניט ווי דער פרעכטיקער בריליאַנט, אויף וועלכן נאָר איר בילד, נאָר איר בילד, איז אויסגעשטאָכן? — אויב ער האָט זי ליב? — יוליע! — אָ, גיב מיר די האַנט, האַלט מיך צו, בעלאַ!

פויזע. די מוזיק לאָזט זיך ווידער הערן.

ל ע אָ נ אָ ר ע

שנעל.

ששאַ! דאָס איז ניט פיעסקאָס שטימע געווען, וואָס האָט זיך געהערט דורך דעם ליאַרעם? קאָן ער לאַכן, ווען זיין לעאָנאָרע וויינט

אין איינזאַמקייט? אָבער ניין, מיין קינד! דאָס איז געווען דושיאָ־נעטינאָ, דאָריאַס פויערישע שטים.

אַראַבעלע

דאָס איז זי געווען, סיניאָראַ. קומט אַוועק אין אַן אַנדער צימער.

לעאָנאָרע

דו ביסט רויט געוואָרן, בעלאַ! דו לייגנסט — איך לייען אין אייערע אויגן — אין די פּנימער פון די געגנועזער, עפּעס — עפּעס אַזוינס. פאַרדעקט זיך. אָ, געווים! די געגנועזער ווייסן מער, איידער עס דערגייט צו די אויערן פון אַ ווייב.

ראָזע

אָ, די אייפערזוכט, וואָס איז אַלץ מגזם!

לעאָנאָרע

פרוימענדיק אין שווערן גזמ׳ס.

ווען ער איז נאָך געווען פּיעסקאָ — ער איז אַריין אין פּאָמעראַנצן־ווערלדל, וואו מיר, מיידלעך, פלעגן גיין שפּאַצירן; אַ בליענדיקער אַפּאָלאָ אין געשטאַלט פון מענלעך־שיינעם אַנטינאָאוס, שטאָלץ און הערלעך איז ער אַריין, ניט אַנדערש ווי די קיניגלעכע גענוע וואָלט געגרוט אויף זיינע יונגע אַקסלען. אונזערע אויגן האָבן זיך גנבענדיק נאָך אים געלויערט, און פלעגן אָפּפּאַלן אויף צוריק, ווי געכאַפּטע אויף הייליקייט־פאַרשווערונג, ווען זיי האָט באַגעגנט זיין בליצליכטיקן בליק. אַך, בעלאַ! ווי דאָרשטיק מיר האָבן געשלונגען זיינע בליקן. ווי אומגינציק עס האָט זיי געציילט די פיינלעכע קנאה פון דער שכנה! זיי זיינען געפאַלן צווישן אונז, ווי דער גאָלד־עפּל פון מחלוקת, די שטילע אויגן האָבן אויפגעפלאַמט ווילדער, די צאַרטע ברוסטן האָבן זיך געהויבן שטורעמדיקער. די אייפערזוכט האָט אונזער פריינדשאַפט צעשטערט.

אַראַבעלע

איך דערמאָן זיך. דאָס גאַנצע ווייבלעכע גענוע איז אויפגערודערט געווען איבער דעמדאָזיקן שיינעם רויב.

## לעאָנאָרע

באַגייסטערט.

און אָט אָנרופן אים מיינער. עזותדיק, שרעקלעך גליק! נענוגם גרעסטער מענטש — מיינער! מיט ליבשאַפט. דער וואָס איז אַ פולקומער אַרוים פון אונטער דעם קריצער פון דער אומדערשעפּלעכבער קינסטלערין, מיט דער שענסטער פאַראייניקונג פון נאָר דער גרויסקייט פון זיין געשלעכט — הערט, מיידלעך! איך קאָן עס מער ניט פאַרשווייגן! הערט, מיידלעך, איך וועל אייך עפּעס פאַרטרויען בסוד. אַ געדאַנק אַזאַ... ווען איך בין לעבן פּיעסקאָן געשטאַנען ביים אַלטאַר — זיין האַנט אין מיין האַנט אַריינגעלייגט — האָב איך געהאַט אַ געדאַנק, וואָס אַ ווייב איז פאַרבאָטן צו טראַכטן: דער=אָ פּיעסקאָ, וואָס זיין האַנט איז איצט אין דיין האַנט — ס'איז דיין פּיעסקאָ — אָבער שטיל! זאָל קיינער ניט אונטערהערן, ווי הויך מיר דערהויבן זיך מיט דעם אָפּגלאַנץ פון זיין פּרעכטיקייט — דער=אָ דיין פּיעסקאָ — וויי צו אייך, אויב דערדאָזיקער געפיל דערהויבט אייך ניט — וועט אונזער נענוע אויסלייזן פון אירע טיראַנען!

## אַראַבעלע

פאַרוואונדערט.

און אַזאַ געדאַנק איז געקומען אַ כלה אין דעם טאָג פון דער חופה?

## לעאָנאָרע

וואונדער זיך, בעלאַ! דער כלה אין דער פרייד פון חופה=טאָג. לעבהאַפטער. איך בין אַ פרוי, אָבער איך פיל דעם אַדל פון מיין בלוט, איך קאָן ניט פאַרליידן, ווי די דאָזיקע משפחה דאָריאַ וויל אַריבערשטייגן אונזערע עלטערן. דער ליבלעכבער אַנדריי — עס איז אַ פאַרגעניגן אים צו ליבן — קאָן זיך רופן הערצאָג פון נענוע, אָבער דזשיאַנעטינאָ איז זיין פּלימעניק, זיין יורש — און דזשיאַנעטינאָ האָט אַן עזותדיק, אַ חוצפהדיק האַרץ. גענוע ציטערט פאַר אים, און פּיעסקאָ. אַראָפּגעפאַלן אין טרויער. פּיעסקאָ — באַווייזט מיך — ליבט זיין שוועסטער.

אַ ר אַ ב ע ל ע

אָרעמע, אומגליקלעכע פרוי —

ל ע אָ נ אָ ר ע

גייט איצט און זעט, ווי דער דאָזיקער האַלבנאַט פון די גענוועזער ויצט אין דעם אומפאַרשעמטן קרייז פון די בעלי־תאוות־ניקעס און די שענדלעכע פרויען, ווי ער קיצלט זייערע אויערן מיט אומאָנשטענדיקע וויצן, ווי ער דערציילט זיי מעשהלעך וועגן פאַרכישופטע פרינצעסינס — — דאָס איז פיעסקאָ! אַך, מיידלעך! ניט נאָר נענוע האָט פאַרלאָרן איר העלד — אויך איך — מיין מאַן.

ר אָ ז ע

רעדט שטילער. מען גייט איבער דער גאַלעריי.

ל ע אָ נ אָ ר ע

דערשראָקן.

ס'איז פיעסקאָ. גייט אַוועק, גייט. מיין אויסזען קאָן אים אַ טרויעריקע רגע פאַרשאַפן. זי לויפט אַריין אין אַ זייטיקן צימער, די מיידלעך — נאָך איר.

—

# צווייטע סצענע

דזשיאַנעטינאָ דאָריאַ אין אַ מאַסקע און אַ גרינעם מאַנטל.
דער מורין קומט אַריין רייזנדיק.

דזשיאַנעטינאָ

דו האָסט מיך פאַרשטאַנען?

מורין

רעכט!

דזשיאַנעטינאָ

די ווייסע מאַסקע.

מורין

רעכט.

דזשיאַנעטינאָ

איך זאָג — די ווייסע מאַסקע.

מורין

רעכט! רעכט! רעכט!

דזשיאַנעטינאָ

הערסטו? דו קאָנכט נאָך אפשר אַהער באַווייזט אויף דער ברוסט
ניט טרעפן?

מורין

זייט רויק.

דזשיאַנעטינאָ

און אַ שטאַרקן ועק!

מ ו ר י ן

ער וועט צופרידן זיין.

ד ז ש י אַ נ ע ט י נ אָ

שפּאָט'יש.

דער אָרעמער גראַף זאָל ניט לאַנג ליידן

מ ו ר י ן

זייט מיר מוחל — וויפל קאָן זיין קאָפּ וועגן?

ד ז ש י אַ נ ע ט י נ אָ

הונדערט צעכינען.

מ ו ר י ן

בלאָזט דורך די פינגער.

פו! ווי אַ פעדער לייכט.

ד ז ש י אַ נ ע ט י נ אָ

וואָס ברומסטו דאָרט?

מ ו ר י ן

איך זאָג, ס'איז אַ לייכטע אַרבעט.

ד ז ש י אַ נ ע ט י נ אָ

דערפאַר זאָרג דו. דער דאָזיקער מענטש איז אַ מאַגנעט. אַלע אומ־רויקע קעפּ פליען צו זיינע פּאָלן. הער־זשע נאָר, זאָלסט אים אַ נעם טאָן, ווי געהעריק.

מ ו ר י ן

אָבער, מיין האַר, איך מוז תיכף נאָך דעם שטיקל אַרבעט גלייך אַנטלויפן קיין ווענעדיג.

ד ז ש י אַ נ ע ט י נ אָ

טאָ באַקום דיין לוין פּאָראויס. וואַרפט אים צו אַ טייסטער. העכסטנס אין דריי טעג אַרום מוז ער אַ בר־מינן זיין. גייט אַרויס.

מ ו ר י ן

אויפהייבנדיק דעם טייסטער.

אָט דאָס הייסט קרעדיט. דער הער טרויט מיין כּמאַישן וואָרט אָן אַ חתימה. גייט אַוועק.

---

# דריטע סצענע

קאַלקאַניאַ, הינטער אים סאַקאַ. ביידע אין שוואַרצע מאַנטלען.

קאַלקאַניאַ

איך זע, אַז דו לויערסט נאָך יעדן טריט מיינעם.

סאַקאַ

און איך באַמערק, אַז דו באַהאַלטסט אַלע טריט דיינע פון מיר. הער, קאַלקאַניאַ, זינט אייניקע וואָכן דריקט דיין פנים אויס עפעס אַזוינס, וואָס איז נונע ניט בלויז דעם פּאַטערלאַנד. — איך מיין, ברודער, מיר וואָלטן ביידע שוין געקענט בייטן זיך אַ סוד פאַר אַ סוד, און קיינער פון אונז וואָלט ביי דעם געשעפט גאָרניט פאַרלאָרן. וועסטו זיין אויפריכטיק?

קאַלקאַניאַ

אויף אַזוי פיל, אַז אויב דיינע אויערן האָבן ניט קיין לוסט אַראָפּצולאָזן זיך צו מיין ברוסט, וועט דיר אין האַלבן וועג מיין האַרץ אַנטקעגן קומען אויף מיין צונג — איך ליב די גרעפין פיעסקאַ.

סאַקאַ

טרעט אָפּ פאַרוואונדערט איין צוריק.

לפּחות דאָס וואָלט איך ניט געטראָפן, ווען איך וואָלט אַפילו אַלע מעגלעכקייטן דורכגעזופט. דיין אויסוואַל רייצט מיין וויץ, אָבער איך זאָג מיך פון אים אָפּ, אויב ס'וועט דיר גליקן.

קאַלקאַניאַ

מען זאָגט, זי איז אַ מוסטער פון שטרענגער אויפפירונג.

ס אַ ק אָ

מען לייגט. זי איז אַ גאַנצער בוך וועגן דעמראָזיקן נעשמאַקלאָזן קענגנשטאַנד. איינס פון די ביידע, קאַלקאַניאָ — זאָג זיך אָפּ אָדער פון דיין שטרעבן, אָדער פון דיין האַרצן.

קאַלקאַניאָ

דער גראַף איז אומגעטריי. אייפערזוכט איז די בעסטע פאַרמיט־לערין. די מחשבה, וואָס ער האָט וועגן די דאָריאַס, מוז אים די גאַנצע אויפמערקזאַמקייט אָפּנעמען און מיר געבן די מעגלעכקייט אין פּאַלאַץ צו שאַפן. בשעת ער וועט דעם וואָלף טרייבן פון די שאָף, וועט דער טכויר זיך צריינגנבענען אין קאָטוך.

סאַקאָ

אויסגעצייכנט, ברודער. אַדאַנק דיר! אויך מיך האָסטו באַפרייט פון דער נויטווענדיקייט רויט צו ווערן. דאָס, וועגן וואָס איך האָב מיך געשעמט צו טראַכטן, קאָן איך איצט הויך פאַר דיר אַרויס־זאָגן. איך בין אַ בעטלער, אויב די איצטיקע רעגירונג וועט ניט פאַלן.

קאַלקאַניאָ

דו האָסט אַזעלכע גרויסע חובות?

סאַקאָ

אַזעלכע אומגעהייערע, אַז מיין לעבנספרידעם, אַכטפאַך גענומען, וועט זיך ביי דעם ערשטן פינגערגליד אָפּרייסן. איך האָף, צו אַ מלוכה־איבערקערעניש קאָן מיר פאַרלייכטערן. אויב זי וועט מיר ניט געבן די מעגלעכקייט צו באַצאָלן, וועט זי ביי מיינע קרעדיטאָרן אָפּנעמען דעם חשק צו פאָדערן.

קאַלקאַניאָ

איך פאַרשטיי — און לסוף, אַז גענוג וועט ביי דער געלעגנ־הייט פריי ווערן, לאָזט זיך סאַקאָ מעלדן אַלס פאָטער פונם פאָטערלאַנד. זאָל איך נאָכדעם גלויבן אין דער אויסגעדראָשענער לעגענדע וועגן ערלעכקייט, בשעת דער באַנקראָט פון איין טויגע־ניכץ און די תאווה פון אַ ווייבערניק צנטשיידן דאָס גליק פון

אַ מלוכה! כ׳שווער ביי גאָט, סאַקאָ! איך באַוואונדער אין אונז בײדן די פיינע קונסט פונם הימל, וואָס ראַטעוועט דאָס לעבן פונעם קערפּער דורך די אייטערדיקע געשווירן אויף די גלידער. ווערינאָ ווײם דײנע מחשבות?

## סאַקאָ

אויף אַזוי פיל, וויפל דער דאָזיקער פּאַטריאָט דאַרף וועגן דעם ווישן. גענוג, ווײסטו אַליין, איז די שפּינדל, אַרום וועלכער אַלע דײנע געדאַנקען דרייען זיך מיט אייזערנער טרייהייט. אצט איז זיין אָדלער־אויג געווענדט אויף פּיעסקאָן. אויך דיך האָט ער אַריינ־צוציען אין דרייסטן קאָמפּלאָט.

## קאַלקאַניאָ

ער האָט אַ פּרעכטיקן חוש הריח. קום, לאָמיר אים אויפזוכן, און זיין לוסט צו דער פרייהייט מיט אונזערער צערייצן.

גייען אַוועק.

---

## פערטע סצענע

יוליע צעהיצט. פיעסקאַ אין אַ ווייסן מאַנטל יאָגט זי נאָך.

יוליע

לאַקייען! לויפער!

פיעסקאָ

גרעפין, וואוהין? וואָס ווילט איר?

יוליע

גאָרנישט. אַבסאָלוט גאָרנישט! צו די באַדינער. זאָל מען מיין וואָגן פאָרלאַנגען.

פיעסקאָ

ערלויבט מיר — מען דאַרף ניט! מען האָט אייך באַליידיקט.

יוליע

גאָר אַ נייס. דאָס ניט. אַוועק! איר וועט מיר די באַפוצעכץ פון קלייד צערייסן אויף שטיקלעך. אַ באַליידיקונג! ווער קאָן מיך דאָ באַליידיקן? גייט זשע אַייך!

פיעסקאָ

שטעלט זיך אויף קני.

ניין, סיידן איר וועט מיר דעם חצוף אָנרופן.

יוליע

שטייט שטיל מיט די הענט אין די באָקעס.

אַך, ווי שיין! שיין. כדאי אַ קוק צו טאָן. זאָל באָטש עמעצער

אַ רוף טאָן די גרעפין לאַוואַניאַ אַ קוק צו מאַן אויף דערדאָזיקער פיינער סצענע! ווי, גראַף? וואו זשע איז דער מאַן? אַזאַ לאַנגע וואָלט געפּאַסט בלויז אין דעם שלאָפצימער פון אַייער פרוי, ווען זי וואָלט, בלעטערנדיק די רשימה פון אַייערע קושן, געפינען אַ חסר אין דעם חשבון. שטייט דאָך אויף! גייט צו די דאַמען, ביי וועלכע איר קאָנט ביליקער קויפן. שטייט זשע אויף! אָדער איר ווילט די עזות פון אַייער פרוי פאַרגלעטן מיט אַייער גאַלאַנטישקייט?

פ י ע ס ק אָ

שפרינגט אויף.

עזות? קענן אַייך?

י ו ל י ע

אויפהייבן זיך, דעם שטול אָפּשטויסן, אומקערן זיך מיטן רוקן צום טיש, צום טיש, גראַף, ביי וועלכן איך זיץ!

פ י ע ס ק אָ

דאָס איז ניט צו אַנטשולדיקן!

י ו ל י ע

און מער איז עס גאָר נישט! אָן העוויות! און איז עס דען מיין שולד שמייכלענדיק וואָס דער גראַף האָט אויגן?

פ י ע ס ק אָ

ס'איז די שולד פון אַייער שיינהייט, מאַדאָנאַ, וואָס ניט אומעטום האָט ער זי.

י ו ל י ע

אָן קאָמפּלימענטן, גראַף, דאָרט, וואו עס האַנדלט זיך וועגן ערע. איך פאָדער באַפרידיקונג. וועל איך זי געפינען ביי אַייך, אָדער אונטער דעם הערצאָגס דונערן?

פ י ע ס ק אָ

אין די אָרעמס פון ליבע, וועלכע בעט מוחל זיין די שולד פון דער אייפערזוכט.

### יוליע

אייפערזוכט? אייפערזוכט? וואָס וויל פון דיר די נאַרעלע. זשעססטי־קולירנדיק קענן שפּיגל. זי קאָן דען פאַר איר געשמאַק פאַרלאַנגען אַ בעסערן לויב, איידער דאָס, וואָס איך אָנערקען אים אויך פאַר מיינעם? שטאָלץ. דאָריאַ און פּיעסקאָ? זאָל די גרעפין לאַוואַניאַ ניט האַלטן פאַר אַ כבוד, וואָס די פּלימעניצע פון דעם הערצאָג געפינט, אַז איר אויסוואַל מעג מען מקנא זיין? פריינדלעך, דערלאַנגענדיק דעם ג־אַף איר האַנט צו קושן. אין דעם פאַל, נראַף, ווען איך געפין, אַז דאָס איז ווירקלעך אַזוי.

### פּיעסקאָ

לעבהאַפט.

אכזורטע! און דאָך אַזוי מיך צו מאַטערן! איך ווייס, געטלעכע יוליע, אַז איך וואָלט צו אייך געדאַרפט פילן בלויז ערפורכט. מיין שכל הייסט מיר פאַר דעם בלוט פון דאָריאַ בויגן די קני פון אַן אונטערטאַן, אָבער דאָס האַרץ פאַרלאַנגט די שיינע יוליע. אַ פאַרברעכערין איז מיין ליבע, אָבער גלייכצייטיק אַ העלדין, וואָס איז גענוג מוטיק די פעסטונג פון דעם ראַנג דורכצוברעכן און פליען אַנטקעגן דער אַלץ פאַרשאַרפענדיקער זון.

### יוליע

דאָס איז אַ גרויסער גרעפישער ליגן, וואָס הינקט אויף שטאָלצן. זיין צונג פאַרגעטערט מיך, און זיין האַרץ פלאַטערט אונטער דעם סילועט פון אַן אַנדערער.

### פּיעסקאָ

אָדער בעסער, סיניאָראַ, עס קלאַפּט אונטער דעם מיט צאָרן און וויל עס אָפּשטופן. נעמט אַראָפּ לעאָנאָרעס סילועט, וואָס הענגט ביי אים אויף אַ היטל־בלאָען באַנד און גיט עס איבער יוליען. שטעלט אייער בילד אַרויס אויף דעמדאָזיקן מזבח, וועט איר דעם אָפּגאָט צושטערן.

### יוליע

נעמט צו דאָס בילד האַסטיק, מיט פאַרגעניגן.

ביי מיין ערע, אַ גרויסער קרבן, וואָס פאַרדינט מיין דאַנק. הענגט

אים אַן איר סילועט. אַזוי, שקלאַף, טראָג די פאַרב פון דיין האַר.
זי גייט אַוועק.

## פ י ע ס ק אָ

מיט פייער.

יוליע ליבט מיך! יוליע! איך בין קיין גאָט אַפילו ניט מקנא! אין גרויסער פרייד. זאָל דידאָזיקע נאַכט זיין אַ יום־טוב פאַר די געטער! זאָל פרייד הערשן אין איר. היי, היי! אַ מאַסע משרתים קומען אַריין. זאָל דער באָדן פון מיינע צימערן אָנגעטרונקען זיין מיט נעקטאַר פון ציפערן! זאָל מוזיק אויפוועקן די האַלבע־נאַכט פון איר בלייערנעם דרעמל, זאָלן טויזנט ברענענדיקע לאָמפן אויסלאַבן פון דער וונענ־ליכטיקייט — זאָלן אַלע זיין פריילעך און זאָל אַ באַקכאַנישער טאַנץ פאַרוואַנדלען אין חורבות דאָס קיניגרייך פון טויט! ער גייט אַוועק אײַלנדיק. ס'הערט זיך אַ רוישנדיקער אַלעגראָ, אונטער וועלכן דער טיטלפאָרהאַנג הייבט זיך אויף און עס עפנט זיך אָפּ אַ גרויסער אילומינירטער זאַל, וואו אַ פולע מאַסקעס טאַנצן. ביי דער זייט — טישן מיט געטראַנקען און טישלעך צום קאָרטנ־שפילן, אַרום וועלכע עס זיצן געסט.

## פינפטע סצענע

דזשיאַנעטינאָ האַלב שיכור, לאָמעלין, ציבאָ, צעני־ מוריאָנע, וועריניאָ, סאַקאָ, קאַלקאַניאָ, אַלע פאַר־ מאַסקירט. פיל דאַמען און נאָבילים.

### דזשיאַנעטינאָ

מיט ליאַרעס.

בראַוואָ! בראַוואָ! די דאָזיקע וויינען גליטשן זיך הערלעך אַראָפּ אין האַלז! אונזערע טענצערינס שפּרינגען à merveille. זאָל עמעצער פון אײַך גיין און צעקלינגען איבער גענואַ, אַז איך בין אין גוטן הומאָר, און מען קאָן זיך וואוילטאָן. כ׳שווער בײַ מײַן געבורטסטאָג! זיי וועלן דעמדאָזיקן טאָג אין קאַלענדאַר פאַרצײַ־ כענען מיט רויטער פאַרב און אונטערשרײַבן: הײַנט איז פּרינץ דאָריאַ געווען לוסטיק.

### געסט

הייבן אויף די גלעזער.

די רעפּובליק! די טרומייטן שאַלן.

### דזשיאַנעטינאָ

וואַרפט די גלאָז מיט קראַפט אָן דער ערד.

אָט ליגן אירע שערבלעך. דריי שוואַרצע מאַסקעס שפּרינגען אויף און פאַר־ זאַמלען זיך אַרום דזשיאַנעטינאָ.

### לאָמעלין

פירט דעם פּרינץ אָפּ אָן אַ זייט.

גנעדיקער הער, איר האָט מיר אַנומלט געזאָגט וועגן אַ פרויען־ צימער, וואָס האָט אײַך באַגעגנט אין דער קירך פונם הייליקן לאָרענץ?

דזשיאַנעטינאָ

איך האָב אַייך געזאָגט, פריינד, און ס'מוז מיך מיט איר באַקענען.

לאָמעלין

איך קאָן עס אַייער דורכלויכט שאַפן.

דזשיאַנעטינאָ

האַסטיק.

קאָנסטו? דו קאָנסט? לאָמעלין! דו האָסט אַנוסטן זיך משתדל געווען וועגן דער שטעלע פון אַ פּראָקוראַטאָר. דו וועסט זי באַקומען.

לאָמעלין

זי איז די צווייטע אין לאַנד, וואָס מער ווי זעכציק אַדעללייט ווינען זיך משתדל וועגן איר, און אַלע זיינען זיי רייכער און אָנגעזעענער, איידער אַייער אונטערטעניקער דינער.

דזשיאַנעטינאָ

קוקט אויף אים שטאָלץ.

דונער און דאָריאַ! דו וועסט זיין פּראָקוראַטאָר! די דריי מאַסקעס גייען צו נעענטער. דער אַדל אין גענוע? זאָלן זיי לייגן אויפן וואָגשאָל אַלע זייערע עלטערן און הערבן — וועט איין האָר פון מיין פעטערס ווייסער באָרד זייער גאַנצע אַדלשאַפט אַרויפהייבן אין דער לופטן. איך וויל, דו זאָלסט זיין פּראָקוראַטאָר, — דאָס איז אַזוי פיל, ווי אַלע שטימען פון דער סיניאָריע.

לאָמעלין

שטילער.

דאָס מיידל איז די איינציקע טאָכטער פון אַ געוויסן ווערינאָ.

דזשיאַנעטינאָ

דאָס מיידל איז שיין, און אַלע טייוואָלים אויף צו־להכעיס מוז איך זי באַקומען.

לאָמעלין

גנעדיקער הער! זי איז די איינציקע טאָכטער פון דעם סאַמע פאַר־עקשנטן רעפּובליקאַנער!

דזשיאַנעטינאָ

ניי, צו אַלדי שוואַרצע יאָר, מיט דיינע רעפּיבליקאַנער! דער צאָרן פון אַ וואַסאַל און מיין תאווה! דאָס הייסט דער לייכטורעם זאָל איינפאַלן, ווען קונדסים באַוואַרפן אים מיט מושלען. די דריי שוואַרצע מאַסקעס גייען אויפגערעגטע צו נעענטער. אַפנים, אַז דער הערצאָג אַנדרעי האָט זײַנע שניטן באַקומען אין די שלאַכטן פאַר דידאָזיקע לומפּנ־רעפּובליקאַנער, כדי זיין פלימעניק זאָל דאַרפן אויסבעטלען די פריינדשאַפט פון זייערע קינדער און כלות? דונער און דאָריאַ! דעמדאָזיקן פאַרלאַנג דאַרפן זיי אַראָפּשלינגען, אָדער איך וועל אויף דעם געביין פון מיין פעטער אויסבויען אַ תליה, אויף וועל־כער זייער גענועזישע פרייהייט וועט זיך צאַפּלען. די דריי מאַסק.ם טרעטן אָפּ.

לאָמעלין

דאָס מיידל איז איצט אַליין. איר פאָטער איז דאָ — דאָס איז איינער פון די דריי מאַסקעס.

דזשיאַנעטינאָ

אויסגעצייכנט, לאָמעלין. פיר מיך תיכף צו איר

לאָמעלין

אָבער איר מיינט אַן אויסגעלאַסענע צו באַגעגענען, און וועט גע־פינען אַ צנועה.

דזשיאַנעטינאָ

געוואַלט איז בעסער פאַר די שענסטע רייד. פיר מיך תיכף־ומיד אַהין. איך וויל זען דעם רעפּובליקאַנישן הונט, וואָס וועט אָנפאַלן אויף דעם בער—דאָריאַ. פיעסקאָ באַגעגנט איס לעבן טיר. וואו איז די גרעפין?

# זעקסטע סצענע

---

די פריערדיקע, פּיעסקאָ.

פּיעסקאָ

איך האָב זי אַריינגעזעצט אין וואָגן. נעמט אָן דזשיאַנעטינאַס האַנט און האַלט זי קענן זיין ברוסט. פּרינץ! איך בין איצט דאָפּעלט אין אַייערע קייטן. דזשיאַנעטינאַ הערשט איבער מיין קאָפּ אין גענוע, איבער מיין האַרץ הערשט אַייערע ליבּלעכע שוועסטער.

לאָמעלין

פּיעסקאָ איז נאָר אַן עפּיקורעער געוואָרן. די גרויסע וועלט האָט אָן אַייך פיל פאַרלאָרן.

פּיעסקאָ

אָבער פּיעסקאָ האָט גאָרנישט פאַרלאָרן אָן דער גרויסער וועלט. לעבן הייסט טרוימען; אַ חכם זיין, לאָמעלין, הייסט אָנגענעם טרוימען. קאָן מען עס דערגרייכן בעסער אונטער די דונערן פון טראָן, וואו די רעדער פון דער רעגירונג רודערן שטענדיק אין די אויערן, איידער ביי דעם בוזים פון אַ ליידנשאַפטלעכער פרוי? זאָל דזשיאַנעטינאָ דאָריאַ הערשן איבער גענואַ. פּיעסקאָ וועט ליבן.

דזשיאַנעטינאַ

גייען מיר, לאָמעלין! עס ווערט האַלבע נאַכט. לאַוואַניאַ, מיר דאַנקען פאַר דיין כיבוד. איך בין געווען צופרידן.

פּיעסקאָ

דאָס איז אַלץ, וואָס איך קאָן פאַרלאַנגען, פּרינץ.

דזשיאַנעטינאָ

אַלזאָ אַ גוטע נאַכט! מאָרגן איז אַ שפּיל ביי דאָריאַ, און פּיעסקאָ איז איינגעלאַדן. קום, פּראָקוראַטאָר!

פּיעסקאָ

מוזיק! ליכט!

דזשיאַנעטינאָ

גייט דורך מיט גאווה צווישן די דריי מאַסקעס.

וואַרע פאַר דעם הערצאָגס נאָמען!

איינע פון די דריי מאַסקעס

מורמלט אומצופרידן.

אין גהינום, נאָר ניט אין גענואַ.

געסט

אין באַוועגונג.

דער פּרינץ גייט אַוועק. אַ גוטע נאַכט, לאַוואַניאַ! גייען ארוים.

# זיבעטע סצענע

די דריי שווארצע מאַסקעס, פּיעסקאָ, פוזע.

פּיעסקאָ

איך זע דאָ געסט, וואָס נעמען קיין אָנטייל ניט אין דער פרייד פון מיין פייערונג.

די מאַסקעס

מורמלען מיט פאַרדראָס צווישן זיך.

און ניט איינער.

פּיעסקאָ

פריינדלעך.

זאָל ביי מיין גוטן ווילן עמעצער אַ געניועזער אַוועק אַן אומצופרי־דענער? שנעלער, לאַקייען! זאָל מען דעם באַל פון ס'ניי אָנהייבן און אָנפילן די גרויסע באָקאַלן. איך וויל ניט, אַז עס זאָל דאָ עמעצן זיין אומעטיק. זאָל איך אייך פאַרגעניגן שאַפן דורך פייער־ווערק? ווילט איר זען די קונסט פון מיין אַרלעקין? אפשר וועט איר זיך צעשטרייען פאַרברענגענדיק מיט מיינע דאַמען? אָדער זאָלן מיר זיך פאַר אַ פּרעה זעצן און די צייט אין שפּיל פאַרטרייבן?

איין מאַסקע

מיר זיינען געוואוינט פאַר צייט צו צאָלן מיט מעשים.

פּיעסקאָ

דאָס איז אַן ענטפער פון אַ מאַן — און — דאָס איז ווערינאָ!

ווערינאַ

נעמט אַראָפּ די מאַסקע.

פּיעסקאָ געפינט זיינע פריינד אין ווייערע מאַסקעס געשווינטער, איידער ווי אים אין זיינער.

פּיעסקאָ

איך פאַרשטיי דאָס ניט. אָבער וואָס אַזוינס זאָל באַטייטן דער טרויער־פלאָר אויף דיין האַנט? האָט דען ווערינאַ עמעצן באַגראָבן, און פּיעסקאָ וויים פון דעם ניט?

ווערינאַ

טרויעריקע ידיעות פּאַסן ניט פאַר פּיעסקאָס פריילעכער פייערונג.

פּיעסקאָ

אָבער ווען דאָס פאָדערט אַ פריינד? דריקט אים וואַרעם די האַנט. פריינד פון מיין נשמה! ווער איז ביי אונז ביידן געשטאָרבן?

ווערינאַ

ביידן! ביידן! אָ, ריכטיק! — אָבער ניט אַלע זין טרויערן נאָך זייער מוטער.

פּיעסקאָ

דיין מוטער איז שוין לאַנג צעפוילט.

ווערינאַ

באַדייטנד.

איר דערמאָן מיך, אַז פּיעסקאָ האָט מיך גערופן ברודער, ווייל איך בין געוועזן דער זון פון זיין פאָטערלאַנד.

פּיעסקאָ

שפּאַסנד.

אָ! אָט דאָס איז עס? הייסט עס, דאָס איז געוועזן נאָר אַ שפּאַס. טרויער נאָך גענוע! און ס'איז אמת. גענוע האַלט באמת ביים לעצטן אָטעם. דער געדאַנק איז אומפאַרגלייכלעך און ניי. אונזער אַלטער ווערט אַ וויצלינג.

קאַלקאַניאָ

ער האָט עס ערנסטהאַפט געזאָגט, פּיעסקאָ.

פּיעסקאָ

געוויס, געוויס. אַזוי איז עס געווען. אַזוי אומעטיק, און אַזוי ווייּ נענדיק. דער שפּאַס פאַרלירט אַלץ, ווען דער שפּאַסמאַכער לאַכט אַליין. מיט אַ מינע פון אַן אמתן בר-מינן. איך האָב גאָר ניט גע־רעכנט, אַז דער פינסטערער ווערינאָ קאָן אויף דער עלטער אַזאַ לוסטיקער וויצלינג זיין.

סאַקאָ

קום, ווערינאָ. ער וועט שוין קיינמאָל ניט זיין קיין אונזעריקער.

פּיעסקאָ

נאָר פריילעכער, לאַנדסמאַן. לאָמיר אויסזען ווי כיטרע יורשים, וועלכע היילן הינטער דער מיטה, און נאָך העכער לאַכן ווי אין נאַטיכל אַריין! אמת, דערפאַר קאָנען מיר אַ שטרענגע שטיפמוטער קריגן. מילא. זאָל זי זיך דראַפּען און פּרעסן.

ווערינאָ

שטאַרק צערודערט.

הימל און ערד! און טאָן גאָרנישט? צו וואָס ביסטו דערגאַנגען, פּיעסקאָ? וואו זאָל איך דעם גרויסן טיראַנענהאַסער קרינן? איך ווייס אַ צייט, ווען דו פלעגסט בלויז ביי דעם אָנבליק פון אַ קרוין שיר ניט באַקומען די אַפּאָפּלעקסיע. געפאַלענער זון פון דער רעפּובליק! דו וועסט זיין דער שולדיקער, אויב איך וועל קיין צעבראָכענעם שילינגער ניט געבן פאַר מיין אומשטערבלעכקייט, וויבאַלד אַז פון דער צייט קענען אויך נשמות אָפּגעניצט ווערן.

פּיעסקאָ

דו ביסט דער אייביקער אומצופרידענער. זאָל ער געגוע אין קעשענע אַריינלייגן און צו אַ ים-רויבער פון טונים פאַרשאַכערן — וואָס קימערט עס אונז. מיר טרינקען ציפּערער וויין און קושן שיינע מיידלעך.

װ ו ע ר י נ אָ

קוקט אים ערנסט אָן.

דאָס איז דײַן אמתע ערנסטע מײנונג?

פ י ע ס ק אָ

פֿאַרװאָס דען ניט, פֿרײַנד? דאָס איז דען עפּעס אַ פֿאַרגעניגן צו זײַן אַ פּוס פֿון דער פֿױלער פֿילגלידערדיקער חיה — רעפּובליק? אַדאַנק דעם, װאָס ניט איר פֿליגל און באַפֿרײַט די פֿיס פֿון זײַערע חובות. דזשיאַנעטינאָ דאָריאַ װעט זײַן הערצאָג. די מלוכה-ענינים װעלן אונז מער די האַר ניט גראָ מאַכן.

װ ו ע ר י נ אָ

פּיעסקאָ? דאָס איז דײַן אמתע ערנסטע מײנונג?

פ י ע ס ק אָ

אַנדריי דערקלערט זײַן פּלימעניק אַלס זון און יורש פֿון זײַנע גיטער. װער װעט עס זײַן דער נאַר, װאָס װעט װעלן אָפּנעמען די ירושה פֿון זײַן מאַכט?

װ ו ע ר י נ אָ

מיט שטאַרקן צאָרן.

סאָ קומט, גענועזער! ער פֿאַרלאָזט שנעל פּיעסקאָן. די איבעריקע גײען נאָך אים.

פ י ע ס ק אָ

װערינאָ, װערינאָ! דערדאָזיקער רעפּובליקאַנער איז האַרט, װי שטאָל.

---

# אכטע סצענע

פיעסקאַ, אומבאַקאַנטע מאַסקע

מאַסקע

האָט איר פאַר מיר אַ רגע צייט, לאַוואַניאַ?

פיעסקאָ

פאַר אַייך — אַ גאַנצע שעה.

מאַסקע

טאָ זייט אַזוי גוט מיט מיר אַ שפּאַציר צו מאַכן אונטער דער שטאָט.

פיעסקאָ

עס איז צען מינוט צו האַלבע נאַכט.

מאַסקע

זייט זשע אַזוי גוט, גראַף.

פיעסקאָ

איך וועל הייסן שפּאַנען.

מאַסקע

דאָס איז ניט נייטיק, איך האָב אַוועקגעשיקט אַ פערד פאָר־אויס. מער דאַרף מען ניט, ווייל איך רעכן, אַז נאָר איינער פון אונז וועט צוריקקומען.

פיעסקאָ

נשתומם.

און?

מאַסקע

מען וועט פון אײַך פאַר אַ געוויסער טרער פאָדערן אַ בלוטיקן ענטפער.

פיעסקאָ

דידאָזיקע טרער?

מאַסקע

פון אַ געוויסער גרעפין לאַוואַניאַ. איך קען די דאַמע זייער גוט און וויל וויסן, מיט וואָס האָט זי פאַרדינט צו ווערן דער קרבן פון אַ נאַרישער פרוי?

פיעסקאָ

איצט פאַרשטיי איך אײַך. קאָן איך וויסן דעם נאָמען פון דעמ־דאָזיקן ועלטענעם אַרויסרופער?

מאַסקע

דאָס איז דערזעלביקער, וואָס האָט אַמאָל געליבט די פריילין ציבאָ, און איז אָפּגעטראָטן צוליב דעם חתן פיעסקאָ.

פיעסקאָ

סציפּיאָ בורגאָנינאָ.

בורגאָנינאָ

נעמט אַראָפּ די מאַסקע.

און דער, וואָס איז איצט דאָ, כדי אָפּצורעכענען זיך פאַר זיין ערע, וועלכע עס האָט פאַרשוועכט דער קאָנקורענט, וואָס איז אַזוי אומדאַנקבאַר, אַז ער באַשליסט זיך צו פּייניקן די צניעות.

פיעסקאָ

נעמט אים היים אַרום.

איידעלער יונגערמאַן! איך דאַנק די ליידן פון מיין ווייב, וואָס האָבן מיר געגעבן די מעגלעכקייט צו מאַכן אַזאַ טייערע באַקאַנטשאַפט. איך פיל די שיינהייט פון אייער צאָרן, אָבער איך וועל מיך מיט אײַך ניט שלאָגן.

בורגאָנינאָ
מאַכט אַ טריט אויף צוריק.

גראַף לאַוואַניאַ האָט מורא צו שטעלן זיך אַנטקעגן דעם ערשט־לינג פון מיין שווערד?

פיעסקאָ

בורגאָנינאָ! אַנטקעגן דער גאַנצער מאַכט פון פראַנקרייך, נאָר ניט קעגן אייך! איך אַכט ס'דאָזיקע ליבע־פייער פאַר עפּעס בעסערס. דער ווילן פאַרדינט אַ לאָרבער־קראַנץ, אָבער די טאַט וואָלט געווען קינדיש.

בורגאָנינאָ
צערייצט.

קינדיש, גראַף? די פרווו קאָן פאַר אַ שלעכטער באַהאַנדלונג נאָר ווינען. — און אויף וואָס איז דער מאַנסביל?

פיעסקאָ

אויסגעצייכנט גוט געזאָגט. אָבער שלאָגן וועל איך מיך דאָך ניט.

בורגאָנינאָ
קערט אום דעם רוקן און וויל גיין.

איך וועל אייך פאַראַכטן.

פיעסקאָ
לעבהאַפט.

כ'שווער ביי גאָט, יונגערמאַן! דאָס וועסטו קיינמאָל ניט, אַפילו ווען די טוגנט זאָל פאַרלירן איר ווערט. נעמט אים פאַרן האַנט פאַרטראַכט. האָט איר אַמאָל צו מיר געפילט וואָס מען רופט — ווי זאָל איך עס זאָגן? וואָס מען רופט ערפורכט?

בורגאָנינאָ

איך וואָלט דען אָפּגעטראָטן פאַר אַ מענטשן, וועלכן איך האַלט ניט פאַר דעם ערשטן?

פיעסקאָ

אַלזאָ, מיין פריינד! אַ מאַן, וועלכער האָט אַמאָל מיין ערפורכט פאַרדינט, וואָלט איך ניט אַזוי שנעל געקומען פאַראַכטן. איך מיין,

דאָס געוועב פון אַ מייסטער איז צופיל קינסטלעריש, אַז ד״ר אָנ־פאַנגער זאָל עס גלייך פון ערשטן בליק פאַרשטיין. גייט אַהיים, בור־גאָנינאָ, און נעמט זיך צייט צו באַטראַכטן, פאַרוואָס פיעסקאָ באַגייט זיך אַזוי און ניט אַנדערש! בורגאָנינאָ גייט שווייגנדיק אַוועק. גיי, איידעלער יונגערמאַן! ווען אַזעלכע פלאַמען פלאַקערן אין פאָטער־לאַנד — מעג זיך שוין די משפחה פון דאָריאַ היטן!

---

# נײנטע סצענע

פיעסקאָ: דער מורין גײט אַרײַן מיט מורא און קוקט זיך פאַרזיכטיק אַרום.

פיעסקאָ

קוקט אים שאַרף און לאַנג אָן.

וואָס ווילסטו? און ווער ביסטו?

מורין

ווי פריער.

אַ שקלאַף פון דער רעפובליק.

פיעסקאָ

שקלאַפערײַ איז אַ מיאוסע מלאכה. נעמט פון אים ניט אַראָפּ ד אויגן.

וואָס זוכסטו?

מורין

מײַן הער, איך בין אַן ערלעכער מאַן.

פיעסקאָ

האַלט שטענדיק דעמדאָזיקן שילד פאַר דײַן געזיכט, דאָס וועט ניט איבעריק זײַן. אָבער וואָס פאַרלאַנגסטו?

מורין

זוכט נעענטער צוצוקומען צו אים, פיעסקאָ טרעט פון אים אָפּ.

מײַן האַר, איך בין ניט קײן גנב.

פיעסקאָ

גוט, אויב דו וועסט נאָך דאָס צונעבן, און דאָך — ווידעראַמאָל ניט גוט. אומגעדולדיק. אָבער וואָס פאַרלאַנגסטו?

מורין

רוקט זיך ווידער צו גענסטער,

ווייט איר עס גראַף לאַוואַניאַ?

פּיעסקאָ

שנעל.

די בלינדע אין גענוע קענען מיינע טריט. צו וואָס דאַרפסטו דעם גראַף?

מורין

היט זיך, לאַוואַניאַ! האַרט לעבן אים,

פּיעסקאָ

שפּרינגט אָפּ אָן אַ זייט.

דאָס בין איך ווירקלעך.

מורין

ווי פריער.

מען טראַכט וועגן אייך שלעכטס, לאַוואַניאַ!

פּיעסקאָ

טרעט ווידער אָפּ.

איך זע עס.

מורי

היט אייך פאַר דעם דאָריאַ.

פּיעסקאָ

גייט צו גענסטער, צוטרוילעך.

פריינד! איך בין אָפּנים אומגערעכט געווען קעגן דיר. פאַר דעם־דאָזיקן נאָמען האָב איך ווירקלעך מורא.

מורין

אַנטלויפט־זשע פאַר אים... איר קענט לייענען?

פּיעסקאָ

אַ נאַרישע פראַגע. דו האָסט זיך אָפּנים צווישן גרויסע לייט גע־ריבן. דו האָסט עפּעס שריפטלעכס?

### מורין

אַייער נאָמען ביים אָרעמען רשע. ער דערלאַנגט אים אַ צעטל און שפּעלט זיך האַרט לעבן אים. פּיעסקאָ שטעלט זיך לעבן אַ שפּיגל און קוקט אויף אים אַריבער דעם פּאַפּיר. דער מורין גייט לויערנד אַרום אים אַרום, לסוף נעמט ער אַרויס אַ קינזשאַל און וויל מיט אים דערלאַנגען.

### פּיעסקאָ

דרייט זיך געשווינט אום און כאַפּט דעם מורין ביי דער האַנט.

פּאַמעלעך, טווינעניכטס! רייסט אַרויס דעם קינזשאַל.

### מורין

טאַפּעט ווילד אויף דער פּאָדלאָגע.

טייוול! איך בעט מיר מוחל זיין. וויל געלט ווערן.

### פּיעסקאָ

כאַפּט אים, מיט שטאַרקער שטימע.

סטעפּאַנאָ! דרולאָ! אַנטאָניאָ! נעמט דעם מורין פאַרן גאָרגל. בלייב דאָ, גוטער פריינד! טייוולשע שפּיצלעך! די באַדינער קומען אַריין. בלייב און ענטפער. דו האָסט שלעכט אָפּגעטאָן דיין שטיקל אַרבעט. ביי וועמען דאַרפסטו פאָדערן דיינע שכירות?

### מורין

נאָך פיל אומזיסטע פּרוּוון אַרויסצורייסן זיך, אַנטשלאָסן.

מען קאָן מיך דאָך ניט אויפהענגען העכער פאַר דער תּליה.

### פּיעסקאָ

ניין. זיי געטרייסט. ניט אויף די הערנער פון דער לבנה, אָבער גענוג הויך, אַז די תּליה זאָל דיר אויסווייזן, ווי אַ צאָנשטעכער. דאָך איז דיין אויסוואַל געווען צופיל מלוכהש-קלוג, איך זאָל מיינען, אַז דאָס איז דיינער אַן אייגענער וויץ. זאָג-זשע, ווער האָט דיך געדונגען?

### מורין

מיין הער, פאַר אַ הולטאַי קאָנט איר מיר האַלטן, אָבער איך ער-לויב מיך ניט צו זידלען אַלס נאַר.

פּ י ע ס ק אָ

האָט אויך דער טויגעניכטס שטאָלץ? זאָג, מנוול, ווער האָט דיך געצווּנגען?

מ ו ר י ן

טראַכט.

הום!.. לאָמיך כאָטשי ניט אַלײן בלייבן דער נאַר. — ווער האָט מיך געדוּנגען? און אינגאַנצן נאָר פֿאַר הונדערט מאָגערע צעכינען!— ווער האָט מיך געדונגען? — פּרינץ דזשיאַנעטינאָ.

פּ י ע ס ק אָ

גייט אַרום צאָרנדיק הין און צוריק.

הונדערט צעכינען און ניט מער פֿאַר פּיעסקאָס קאָפּ! מיט פֿאַרטראַכטונג. שעם זיך, קרוינפּרינץ פֿון גענוע! גייט שנעל צו צו אַ קעסטל. אָט האָסטו, ליבער, טויזנט, און זאָג דיין האַר, אַז ער איז אַ קאַרגער רוצח.

דער מורין באַטראַכט אים פֿון די פֿיס ביזן קאָפּ.

פּ י ע ס ק אָ

דו טראַכסט, מיין ליבער?

דער מורין נעמט דאָס געלט, לייגט עס צוריק, נעמט ווידער און קוקט אויף פּיעסקאָן מיט אַלץ וואַקסנדיקער פֿאַרוואונדערונג.

פּ י ע ס ק אָ

וואָס טוסטו, ליבער?

מ ו ר י ן

וואַרפֿט דאָס געלט אַנטשלאָסן אויפֿן טיש.

מיין האַר, דאָס געלט האָב איך ניט פֿאַרדינט.

פּ י ע ס ק אָ

אָט איז אַ שעפּסענער קאָפּ פֿון אַ גנב! די תּליה האָסטו פֿאַרדינט. דער צעריייצטער העלפֿאַנד צעטרעט מענטשן, אָבער ניט קיין ווערים. איך וואָלט דיך געלאָזן הענגען, ווען דאָס וואָלט מיר געקאָסט עפּעס מער ווי צוויי ווערטער.

מ ו ר י ן

פֿריילעך פֿאַרנייגנדיק זיך.

דער האַר איז זייער אַ גנעדיקע־.

פּ י ע ס ק אָ

זאָל גאָט היטן, ניט צו דיר. עס געפעלט מיר, וואָס פון מיין גוטער לוין הענגט אָפּ צו מאַכן פון אַזאַ טויגעניכטס, ווי דו, אָדער עפּעס, אָדער גאָרנישט, דעריבער גייסטו פריי. פאַרשטיי מיך גוט. דיין אומגעלונגענער אָנפאַל איז פאַר מיר אַן ערבות פון הימל, אַז איך בין באַשטימט פאַר עפּעס גרויסעס, דעריבער בין איך גנעדיק, און דו גייסט פריי.

מ ו ר י ן

מיט צופרויען.

אָפּגעמאַכט, לאַוואַניאַ! ערע פאַר ערע! אויב עמעצער האָט אויף דעמדאָזיקן האַלבאינזל אַן איבעריקן גאָרגל פאַר אַייך — באַפעלט, שנייד איך אים איבער פאַר אומזיסט!

פּ י ע ס ק אָ

אַ העפלעכע בעסטיע! וויל אָפּדאַנקען מיט פרעמדע גאָרגלען.

מ ו ר י ן

מיר נעמען ניט קיין מתנות, מיין האַר. אַ אונזעריקער האָט אויך זיין ערע.

פּ י ע ס ק אָ

די ערע פון גאַרגלשניידער?

מ ו ר י ן

זי איז אַפילו שטאַרקער פאַר דער ערע פון אַייערע ערלעכע לייט. יענע ברעכן זייער שבועה צו נאָט. מיר היטן זי פּינקטלעך אָפּ אַפילו צום טייוול.

פּ י ע ס ק אָ

ביזט אַ לֶץ אַ טויגעניכטס.

מ ו ר י ן

פרייט מיך, וואָס איך געפעל אַייך. פּרוּווט מיך איצט אויס, איר וועט דערקענען אַ מענטשן, וואָס ווייס זיין עסק אויסגעצבונדן. פאָדערט, וועל איך אַייך צושטעלן מיינע אַטעסטאַטן פון אַלע גנבישע צעכן, פון דעם אונטערשטן ביז דעם העכסטן.

פּ י ע ס ק אָ

וואָס איך הער! (זעצט זיך.) אַלזאָ אָנערקענען אויך שעלמעס גע־זעצן און טיילן זיך אין ראַנגען. דערציייל מיר עפּעס פון די סאַמע נידעריקע.

מ ו ר י ן

טפו, גנעדיקער הער! דאָס איז די מיאוסע מחנה פון די ל אַ נ ג ע פ י נ ג ע ר. אַן אָרעמע מלאכה, פון וועלכער עס פּיקט זיך קיין איין גרויסער מענטש ניט אַרויס. אַרבעט נאָר פאַר ריטער און אויבערשטע פירן־הויז אין פּירט — העכסטנס צו דער תליה.

פּ י ע ס ק אָ

אַ רייצנדער ציל! איך וואָלט וועלן הערן עפּעס וועגן די העכערע.

מ ו ר י ן

דאָס זיינען די ש פּ י אָ נ ע ן און די מרגלים. וויכטיקע מענטשן, וואָס די גרויסע לייט בייגן צו זיי צו דעם אויער, און שעפּן ביי זיי אַלוויסנהייט, וואָס בייסן זיך אַיין אין די שמות, ווי פּיאַווקעס, זויגן אַרויס דעם גיפט פון האַרצן און שפּייען עס אַרויס פאַר דער מאַכט.

פּ י ע ס ק אָ

די קען איך — ווייטער.

מ ו ר י ן

צו דעם ראַנג געהערן נעהיימע רוצחים, גיפטמישער און אַלע די, וואָס לויערן לאַנג נאָך דעם מענטשן און כאַפּן אים שטילינקער־הייט. דאָס זיינען אָפט מיאוסע פּחדנים, אָבער חברה־לייט, וואָס צאָלן דעם טייוול שכר־לימוד מיט זייער אָרעמער נשמה. זיי טוט שוין די גערעכטיקייט אָן גרויסן כבוד, פּיצלט זייערע ביינער אין ראָד און הייבט אויף זייערע קעפּ אויף שפּיזן. דאָס איז דער דריטער צעך.

פּ י ע ס ק אָ

אָבער זאָג מיר, ווען וועט שוין דיין צעך זיין?

מורין

אָ, גנעדיקער האַר! דאָס איז דאָך דער גאַנצער קונץ. איך האָב דידאָזיקע צעכן אַלע דורכגעמאַכט. מיין געני איז פּריצייטיק רייף געוואָרן פאַר יעדן געביט. נעכטן אינאָוונט האָב איך אָפּגעטאָן אַ מייסטערשטיק אין דעם דריטן, און מיט אַ שעה צוריק בין איך געווען אַ פּאַרטאַטש אין דעם פערטן.

פּיעסקאָ

און דידאָזיקע?

מורין

לעבהאַפט.

דאָס זיינען לייט. מיט היץ, וואָס זוכן אויף זייערע מענטשן צווישן פיר ווענט, וואָס לייגן זיך דורך אַ וועג דורך סכנות, באַפּן זייער קרבן גלייך פאַרן האַלז, און מיט דעם ערשטן „גוט מאָרגן" פאַרשפּאָרן זיי אים צו דאַנקען פאַר דעם צווייטן. צווישן אונז זאָל עס בלייבן. מען רופט זיי נאָך די עקסטראַ־פּאָסט פון גהינום. ווען מעפיסטאָפעלן פאַרגלוסט זיך איינעם אַזאַ, דאַרף מען נאָר איין ווונק, און ער באַקומט דעם בראַטן נאָך אַ וואַרעמען.

פּיעסקאָ

דו ביסט אַ פאַרהאַרטעוועטער רשע. אַזאַ דאַרף איך שוין לאַנג האָבן. גיב מיר דיין האַנט! איך וויל דיך ביי מיר איבערלאָזן.

מורין

ערנסט, אָדער שפּאַס?

פּיעסקאָ

אינגאַנצן ערנסט, און איך גיב דיר טויזנט צעכינען אַ יאָר.

מורין

אָפּגעמאַכט, לאַוואַניאַ. איך בין אַייערער, און צום טייוול דאָס פּריוואַטלעבן! נוצט מיך אויס, צו וואָס איר ווילט. מאַכט מיך פאַר אַייער שפּיר־הונט, פאַר אַייער יאַגד־הונט, פאַר אַייער פוקס, פאַר אַייער שלאַנג, פאַר אַייער תליון. מיין האַר, צו אַלערליי שליחות, נאָר — ביים לעבן! — ניט צו קיין ערלעכע — דאָ בין איך טעמפּ, ווי אַ האָלץ.

פיעסקאָ

זיי רויק. ווען איך וויל עמעצן שענקען אַ שאָף, שיק איך עס ניט אָפּ דורך קיין וואָלף. אַלזאָ, זאָלסטו גלייך מאָרגן זיך דירכגיין איבער געגנוע און דערוויסן זיך, וואָס פאַר אַ וועטער הערשט אין דער מלוכה. גיב גוט אַכטונג, וואָס טראַכט מען וועגן דער רעגי־רונג, און וואָס שעפּטשעט מען וועגן דער משפּחה דאָריאַ. טאַפּ אַגב אָן, וואָסריידן מיינע מיטבירגער וועגן מיין אייסגעלאַסענעם לעבן און וועגן מיין ליבע־ראָמאַן. פאַרגיס זיי דעם מוח מיט וויין, ביז עס זאָלן זייערע סודות אַרויסגיסן זיך פון האַרצן. אָט האָסטו געלט. טייל עס פונאַנדער צווישן די ווידהענדלער! —

מורין

קוקט אויף אים מיט באַדייטנדן בליק.

מיין האַר...

פיעסקאָ

דאַרפסט ניט קיין מורא האָבן — דאָס איז ניט קיין ערלעכס. ניי! רוף דיין גאַנצע באַנדע צו הילף. מאָרגן וועל איך דיינע נייעס אויסהערן. ער גייט אַוועק.

מורין

נאָך אים.

פאַרלאָזט זיך אויף מיר! איצט איז פיר דער זייגער אינדערפרי. מאָרגן אַכט דעם זייגער דערוויסט איר זיך נייס, מער איידער אין צוויי מאָל זיבעציק אויערן קאָן אַריין. גייט אַוועק.

## צענטע סצענע

אַ צימער אין ווערינאַס הויז.
בערטע ליגט אויף אַ סאָפע, דעם קאָפּ אין די הענט באַהאַלטן.
ווערינאַ קומט אַריין אַ פינסטערע.

בערטע

דערשרעקט זיך, שפּרינגט אויף.

גאָט! אָט איז ער!

ווערינאַ

שטיים שטיל; באַטראַכט זי אומצופרידן.

מיין טאָכטער דערשרעקט זיך פאַר איר פאָטער!

בערטע

אַנטלויפט! לאָזט מיך אַנטלויפן! איר זייט מיר שרעקלעך, פאָטער!

ווערינאַ

מיין איינציקן קינד — שרעקלעך?

בערטע

מיט אַן אומעטיקן בליק אויף אים.

ניין, איר דאַרפט אַן אַנדער טאָכטער האָבן!

ווערינאַ

צי דען איז דיר שווער מיין צערטלעכקייט?

בערטע

זי דריקט מיך צו דער ערד, פאָטער!

וועריננאָ

וואָס איז'ס? ווי נעמסטו מיך אויף, מיין טאָכטער? אַלעמאָל ווען איך פלעג קומען אַהיים מיט שטיינער אויפן האַרצן, פלעגט מיר מיין בערטע לויפן אַנטקעגן, און מיין בערטע פלעגט די שטיינער אַראָפּלאַכן פון מיין האַרצן. קום, נעם מיך אַרום, טאָכטער! לעבן דיין גליענדיקער ברוסט זאָל זיך צוריק אָנוואַרעמען מיין האַרץ, וואָס איז דערפראָרן געוואָרן אויפן טויטנבעט פון פּאָטערלאַנד. אָ, מיין קינד! איך האָב מיך היינט געשיידט מיט אַלע פריידן פון דער נאַטור, און מיט גרויסן טרויער נאָר דו ביסט מיר געבליבן.

בערטע

מעסט אים אָפּ מיט אַ לאַנגן בליק.

אומגליקלעכער פאָטער!

וועריננאָ

נעמט זי אַרום אַ צעק־'שמטער.

בערטע! מיין איינציק קינד! בערטע! מיין לעצטע האָפענונג — געגועם פרייהייט — איז פאַרפאַלן — פיעסקאָ איז פאַרפאַלן — שטאַרק דריקנדיק זי צו זיך, דורך די ציין. ווער דו אויך אַ זונה!

בערטע

רייסט זיך אַרויס פון זיינע הענט.

הייליקער גאָט! איר ווייסט?

וועריננאָ

שטייט ציטערנדיק.

וואָס?

בערטע

מיין מיידלשע ערע...

וועריננאָ

אין גרימצאָרן.

וואָס?

בערטע

היינטיקע נאַכט.

ווערינאָ

ווי משוגע.

וואָס?

בערטע

פאַרגוואַלדיקט! פאַלט אַנידער אויף דער סאָפע.

ווערינאָ

נאָך אַ לאַנג שרעקלעך שווייגן, מיט פאַרשטיקטער שטים.

נאָך איין אָטעם טאָן, טאָכטער! — דעם לעצטן! מיט אַ פוסטן געבראָכענעם קול. ווער?

בערטע

וויי מיר! נאָר ניט מיט אַזאַ טויט־צאָרן! העלף מיר גאָט! ער שטאַמלט און ציטערט!

ווערינאָ

איך האָב דאָך ניט געוואוסט — מיין טאָכטער! ווער?

בערטע

באַרויקט אייך, מיין בעסטער, מיין טייערער פאָטער

ווערינאָ

אום גאָטס ווילן! — ווער? וויל פאַר איר פאַלן אויף די קני.

בערטע

אַ מאַסקע.

ווערינאָ

טרעט אָפּ אויף צוריק, פאַרטראַכט זיך. אין אויפרעגונג

ניין! דאָס קאָן ניט זיין. אַזאַ געדאַנק האָט מיר ניט גאָט געגעבן. לאַכט זיך שרעקלעך פונאַנדער. אַלטער תרח! גלייך ווי יעדער גיפט שפריצט פון איין שלאַנג? צו בערטען געלאַסענער. די וואוקס ווי מיינע, אָדער קלענער?

בערטע

גרעסער.

ווערינאָ
שנעל.
די האָר — שוואַרץ? געקרויזט?

בערט
ווי קויל שוואַרץ און געקרויזט.

ווערינאָ
אָפּטרעטנדיק און וואַקלענדיק זיך.
גאָט! מיין קאָפּ! מיין קאָפּ! — די שטימע?

בערטאַ
אַ גראָבע, אַ באַסנשטימע.

ווערינאָ
האַסטיק.
פון וועלכער פאַרב? — ניין! איך וויל מער ניט הערן! דער מאַנטל — פון וועלכער פאַרב?

בערטע
דער מאַנטל, דאַכט מיר, אַ גרינער.

ווערינאָ
האַלט ביידע הענט פאַרן געזיכט, לאָזט זיך אַראָפּ אויף דער סאָפע.
זיי רויק, אין קאָפּ האָט מיר נאָר פאַרשווינדלט, מיין טאָכטער.
לאָזט די הענט אַראָפּ. ער איז בלאַס, ווי דער טויט.

בערטע
פאַרברעכט די הענט.
באַרימהאַרציקער גאָט! דאָס איז ניט מיין פאָטער!

ווערינאָ
נאָך אַ פויזע, מיט ביטערן געלעכטער.
רעכט אַזוי, רעכט אַזוי, פּחדן ווערינאָ! — וואָס דער נבל האָט זיך אַריינגעריסן אין דעם היילּיקטום פון געזעץ — איז דיר קנאַפּ געווען — דער נבל האָט זיך נאָך געמוזט אַריינרייסן אין דעם

הייליקטום פון דיין בלוט. שפרינגט אויף. געשווינט! רוף ניקאָלאַן! בלייַ און פולווער! אָדער וואַרט! האַלט! מיר איז געקומען אַן אַנדער רעיון — אַ בעסערער — ברענג מיר מיין שווערד אַהער און זאָג „פאָטער אונזער". כאַפּט זיך פאַרן קאָפּ. וואָס זשע אַזוינס וויל איך?

בערטע

איך האָב מורא, פאָטער!

וועריני אָ

קום, זעץ זיך לעבן מיר! באַדייטנד. בערטע, דערציייל מיר — בערטע, וואָס האָט געטאָן יענער ווייסגראָער רוימער, ווען מען האָט זיין טאָכטער אויך אַזוי — ווי זאָל איך עס אָנרופן — איך אין אַזאַ לאַגע געפונען — זיין טאָכטער? הער, בערטע, וואָס האָט ווירגיניוס געזאָגט זיין פאַרשוועכטער טאָכטער?

בערטע

ציטערנדיק.

איך ווייס ניט, וואָס ער האָט געזאָגט.

וועריני אָ

שוטה! ער האָט גאָרנישט געזאָגט. שפרינגט פלוצלונג אויף, כאַפּט אַ שווערד. אַ שווערד האָט ער גענומען!

בערטע

פאַלט אַ דערשראָקענע אין זיינע אָרעמס.

גרויסער גאָט! וואָס ווילט איר טאָן?

וועריני אָ

וואַרפט אַוועק דעם שווערד:

ניין! עס איז נאָך דאָ יושר אין גענוע!

---

# עלפטע סצענע

---

סאַקאָ, קאַלקאַניאָ, די פאָריקע.

קאַלקאַניאָ

ווערינאָ! געשווינט! גרייט זיך צו! היינט הייבן זיך אָן די וואַלן אין דער רעפובליק. לאָמיר באַצייטנס גיין אין דער סעניאָריע אויסצוווילן נייע סענאַטאָרן. די גאַסן זיינען פול מיט עולם. דער גאַנצער אַדל ציט זיך צום ראָטהויז, דו וועסט דאָך גיין מיט אונז צוזאַמען. שפּאַטיש. אַ בליק צו טאָן אויף דעם טריומף פון אונזער פרייהייט?

סאַקאָ

אַ שווערד ליגט אויף דער ערד. ווערינאָ קוקט ווילד. ביי בערטען — רויט די אויגן.

קאַלקאַניאָ

ביי גאָט! איך באַמערק עס אויך — סאַקאָ, דאָ איז אַן אומגליק געשען:

ווערינאָ

שטעלט אַוועק צוויי שטולן.

זעצט אייך:

סאַקאָ

פריינד, דו שרעקסט אונז.

קאַלקאַניאָ

איך האָב דיך קיינמאָל אַזאַ ניט געזען, פריינד. ווען בערטע וואָלט ניט געוויינט, וואָלט איך געפרעגט, צי גייט ניט געגוע אונטער?

ווערינאָ

מיט אַ שרעקלעכער שטים.

אונטער! וועצט אײַך.

ביידע וועצן זיך.

קאַלקאַניאָ

דערשראָקן.

ווערינאָ, איך באַשווער דיך!

ווערינאָ

הערט!

קאַלקאַניאָ

דאָס האַרץ זאָגט מיר, סאַקאָ...

ווערינאָ

גענוג! איר ביידע קענט די אַלטע אָפּשטאַמונג פון מיין משפחה. אַייערע אורעלטערן האָבן ביי מיינע די שלעפּע געטראָגן. מיינע פאָטערס האָבן נעקעמפט פאַרן פאָטערלאַנד. מיינע מוטערס זיינען געוועזן ביישפּילן פאַר די גענועזערינס. ערע איז געוועז אונזער איינציקער קאַפּיטאַל און די ירושה פון פאָטערס צו זין. אָדער אפשר ווייס עמעצער עפּעס אַנדערש?

סאַקאָ

קיינער.

קאַלקאַניאָ

ווי נאָט לעבט — קיינער!

ווערינאָ

איך בין דער לעצטער פון מיין שטאַם. מיין ווייב ליגט באַגראָבן; זי האָט מיר איבערגעלאָזן די איינציקע טאָכטער מיינע. גענועזער! איר זייט עדות, ווי איך האָב זי דערצויגן. קאָן מיך עמעצער אָנ־קלאָגן, אַז איך האָב מיין בערטען פאַרוואָרלאָזט?

קאַלקאַניאָ

דיין טאָכטער איז אַ מוסטער פאַרן לאַנד.

ווערינאָ

פריינד! איך בין אַן אַלטער מאַן. פאַרליר איך די טאָכטער מיינע, קאָן איך מער אויף קיין אַנדערער ניט האָפן. מיין זכר לעשט זיך אויס. מיט אַ שרעקלעכער שטים. איך האָב זי פאַרלאָרן. מיין שטאַם איז פאַרשוועכט!

ביידע

זאָל גאָט היטן!

בערטע

שליידערט זיך מיט אַ יאָמער איבער דער סאָפע.

ווערינאָ

ניין. זיי ניט פאַרצווייפלט, טאָכטער. דידאָזיקע מענטשן זיינען דרייסטע און גוטע. אויב זיי וויינען אויף דיר, וועט געווים ער־נעץ־וואו בלוט פאַרגאָסן ווערן. — קוקט ניט אַזוי פאַרוואונדערט, פריינד! לאַנגזאַם, מיט וואָג. ווער עס האָט גענומען אונטערן יאָך, יענער קאָן דאָך אַ מיידל באַצווינגען.

ביידע

שפרינגען אויף און וואַרפן אים זייערע שטולן.

דושיאַנעטינאָ דאָריאַ!

בערטע

מיט געשריי.

פאַלט אויף מיר איין, ווענט! מיין סציפיאָ!

---

## צוועלפטע סצענע

בורגאָנינאַ, די פאַבריקע.

**בורגאָנינאָ**
צעהיצט:

טאַנק פון פרייד, מיידל! אַ פריידיקע בשורה! — איידעלער וועריגאָ! איך קום מיין הימל פון אַייער מויל צו באַקומען. איך האָב שוין לאַנג ליב אַייער טאָכטער. נאָר איך האָב קיינמאָל ניט געוואַגט צו בעטן איר האַנט, ווייל מיין גאַנצער פאַרמעגן איז גע־שוואומען אויף די פאַלשע ברעטער פון קאָראָמאַנדעל. ערשט איז מיין גליק בשלום אָנגעקומען אין האַפן, און ברענגט מיר, ווי מען זאָגט, עשירות אָן אַ צאָל. איך בין אַ רייכער מענטש. שענקט מיר בערטען! איך וועל זי גליקלעך מאַכן. בערטע פאַרדעקט זיך. אַ לאַנגע פויזע.

**וועריגאָ**
פראַכטנדיק צו בורגאָנינאָן.

איר האָט, יונגערמאַן, אַ פנים, חשק צו וואַרפן אַייער האַרץ אין אַ לווזשע אַריין?

**בורגאָנינאָ**
כאַפט זיך פאַרן שווערד, נעמט אָבער פלוצלונג די האַנט צוריק.

אַזוי רעדט דער פאָטער —

**וועריגאָ**

דאָס וועט דיר זאָגן יעדער טויגעניכטס אין איטאַליע. אָדער איר נעמט אָן פאַרליב דאָס, וואָס אַנדערע האָבן אַוועקגעוואָרפן?

ב ו ר ג אָ נ י נ אָ

מאַך מיך ניט משוגע, אַלטער.

ק אַ ל ק אַ נ י אָ

בורגאָנינאָ! דער אַלטער זאָגט אמת.

ב ו ר ג אָ נ י נ אָ

וואַרפט זיך צו בערטען.

ער זאָגט אמת? אַן אויסגעלאַסענע מויד האָט מיך גענאַרט?

ק אַ ל ק אַ נ י אָ

בורגאָנינאָ, ניט אַזוי. דאָס מיידל איז ריין, ווי אַ מלאך.

ב ו ר ג אָ נ י נ אָ

שטייט פאַרוואונדערט, שטיל.

איך שווער ביי מיין עולם־הבא! ריין און געשענדט! איך פאַרשטיי עס ניט. איר קוקט זיך אָן איינע די אַנדערע און שווייגט, עפּעס אַ וואָרט וועגן אַ בייזן טאַט צאַפּלט אויף אַייערע שטאַמלענדיקע צינגער. איך באַשווער אַייך, שפּילט ניט מיט מיין פאַרשטאַנד. ריין איז זי? ווער זאָגט ריין?

ו ו ע ר י נ אָ

מיין קינד איז ניט שולדיק.

ב ו ר ג אָ נ י נ אָ

הייסט עס פאַרגוואַלדיקט! כאַפּט דעם שווערד פון דער ערד. גענועזער! איך באַשווער אַייך מיט אַלע זינד אונטער דער לבנה! וואו — ווי געפין איך דעם רוצח?

ו ו ע ר י נ אָ

דאָרט, וואו דו וועסט געפינען דעם רויבער פון גענוע!

בורגאָנינאָ בלייבט פאַרשטאַרט. ווערינאָ גייט אַרום פאַרזונקען אין רעיונות אַהער און אַהין. דאַן בלייבט ער שטיין שטיל.

ו ו ע ר י נ אָ

אויב איך פאַרשטיי דיין וואונק, געטלעכע השגחה, ווילסטו גענוע אויסלייזן דורך מיין בערטען! ער גייט צו איר צו, אַראָפּנעמענדיק דעם

טרויער-פלאָר לאַנגזאַם פון זיין האַנט. נאָכדעם זאָגט ער פייערלעך: איידער דאָס בלוט פון דאָריאַ וועט ניט אַראָפּוואַשן דעם מיאוסן פלעק פון דיין ערע, זאָל קיין שטראַל פון טאָג אויף דיינע באַקן ניט פאַלן! און ביז דאַמאָלט — ער וואַרפט אויף איר אַרויף דעם פלאָר. ווער בלינד!

פויזע, די איבעריקע קוקן זיך אָן, שווייגנדיק, פאַרוואונדערט.

### ווערינאָ

פרייִלעך, די האַנט אויף בערטעס קאָפּ אַרויפגעלייגט.

פאַרפלוכט זאָל זיין די לופט, וואָס ווייעט אויף דיר! פאַרפלוכט — דער שלאָף, וואָס דערקוויקט דיך. פאַרפלוכט יעדער מענטשלעכער שפור, וואָס וועט דיין עלנט לינדערן! גיי אַראָפּ אין דעם אונטערשטן קעלער פון מיין הויז. וויין, הייל, מאַך די צייט מיד מיט דיין פּיין! ציטערט אויף און רעדט ווייטער: דיין לעבן זאָל זיין דאָס פּיינלעכע קאָרטשען זיך פון אַ שטאַרבנדיקן וואָרים — דער האַרטנאַקיקער פאַרטיליקנדיקער קאַמף צווישן זיין און פאַרגיין! דער דאָזיקער פלעק זאָל אויף דיר זיין, ביז דזשיאַנעטינאָ וועט ניט אַרויסלאָזן דעם לעצטן אָטעם זיינעם! אויב ניט — זאָלסטו אים אויף זיך שלעפּן דורך דער לענג פון דער אייביקייט, ביז מען וועט געפינען, וואו די צוויי עקן פון איר קרייז קומען זיך צונויף איינער מיט דעם אנדערן.

אַ טיפער שווייגן. אויף אַלעמענס פּנימער אַן אימה. ווערינאָ קוקט יעדן אָן פעסט און דורכדרינגענדיק.

### בורגאָנינאָ

דו ביסט אַ ראָב, ניט קיין פאָטער! וואָס האָסטו געטאָן? אַזאַ אומגעהייערע שרעקלעכע קללה האָסטו פאַר דיין אָרעמער אומשולדיקער טאָכטער?

### ווערינאָ

אמת — דאָס איז שרעקלעך, מיין צערטלעכער חתן? העכסט אויסדריקלעך. ווער פון אייך וועט איצט שוין וואַגן אַרויסטרעטן און פלוידערן וועגן קאַלטבלוטיקייט און אָפּלייגעניש? דער גורל פון גענוע איז געפאַלן אויף מיין בערטען. מיין פאָטער-האַרץ האָט

זיך אונטערגענעבן מיין בירגערפליכט. ווער פון אונז איז נענוג פחדן, אָפּצוציען די אויסלייזונג פון גענוע, ווען ער ווייס, אַז ס׳דראָזיקע אומשולדיקע שעפעלע וועט מיט איר אומענדלעכן פיין מוזן צאָלן פאַר זיין פחדנות? — ביי גאָט! דאָס איז ניט געווען קיין פלוידעריי פון אַ משוגענעם. — איך האָב אַ נדר נעגעבן, און וועל אויף מיין קינד קיין רחמנות ניט האָבן, ביז דאָריאַ וועט ניט פאַלן צו דער ערד, אַפילו ווען מיר זאָלן אויסקומען ס׳דראָזיקע אומשולדיקע שעפעלע קאַניבאַליש צו פאַרפייניקן—איר ציטערט— איר גלאָצט אויף מיר בלאַסע, ווי די מתים. — נאָך אַמאָל, סציפּיאָ! איך האַלט זי פאַר אַן ערבות פון דיין נקמה אָן דעם טיראַן. מיט דעמדאָזיקן טייערן פאָדים פאַרבינד איך דיינע, מיינע, אַייער אַלעמענס פליכט. גענועס דעספּאָט מוז פאַלן, אָדער דאָס מיידל איז פאַרלאָרן. איך וועל מיין וואָרט ניט ברעכן.

**בורגאָנינאָ**

פאַלט בערטען צו די פיס.

און פאַלן זאָל ער — פאַלן פאַר גענוע, ווי אַן אָקס צום קרבן! אַזוי געווים ווי איך וועל דעמדאָזיקן שווערד אין דאָריאַס האַרצן אומדרייען, אַזוי געווים וועל איך געבן מיין חתן־קוש אויף דיינע ליפּן. שטייט אויף.

**וועריגאָ**

דאָס ערשטע פּאָר, וואָס די פוריעס בענטשן! גיט אַייך די הענט. אין דאָריאַס האַרצן וועסטו אומדרייען דעם שווערד! נעם זי, זי איז דיינע.

**קאַלקאַניאָ**

שטעלט זיך אויף די קני.

דאָ קניט נאָך אַ גענועזער און לייגט זיין פורכטבאַרן שטאָל צו די פיס פון דער אומשולדיקייט. זאָל קאַלקאַניאָ אַזוי דעם וועג צום הימל געפינען, ווי זיין שווערד וועט געפינען דעם וועג צו ראָריאַס לעבן. שטייט אויף.

**סאַקאָ**

דער לעצטער, אָבער ניט ווייניקער אַנטשלאָסן, קניט ראַפאַעל סאַקאָ. אויב דערדאָזיקער בלאַנקער אייזן מיינער וועט בערטעס געפענקעי

ניט ניט אָפּשלים, זאָל געשלאָסן בלייבן דער אויער פון דעם, וואָס הערט אַלץ, פאַר מיין געבעט. שטייט אויף.

### װ ו ע ר י נ אָ

אויסגעלייטערט.

גענוג דאַנקט אייך אין מיין פּערזאָן, מיינע פריינד! גיי-זשע, טאָכטער, פריי זיך, וואָס דו ביסט דער גרויסער קרבן פון דעם פאָטערלאַנד!

### ב ו ר נ אָ נ י נ אָ

נעמט זי אַרום, ווען זי גייט אַוועק.

גיי, האָף אויף גאָט און אויף בורנאָנינאָ. אין איין טאָג וועלן גענוג און בערטע פריי זיין! בערטע גייט אַרויס.

---

# דרייצנטע סצענע

די פאַבריקע. אַן בערטען.

קאַלקאַניאָ

נאָך איין וואָרט, גענוג, איידער מיר גייען ווייטער.

ווערינאָ

איך שטוים מיך אָן.

קאַלקאַניאָ

ווערט דען קלעקן פיר פּאַטריאָטן, כדי אומצוּוואַרפן די טיראַניי, די מעכטיקע הידרע? דאַרפן מיר ניט דעם המון אויפרירן, דעם אַדל צו אונזער פּאַרטיי צוציען?

ווערינאָ

איך פאַרשטיי! הערט-זשע, איך האָב שוין לאַנג געדונגען אַ מאַלער, וועלכער פאַרווענדט די גאַנצע קראַפט פון זיין קונסט, כדי אויסצומאָלען די מפּלה פון אַפּיום קלאַוודיוס. פיעסקאָ איז אַ ליבהאָבער פון קונסט; ער דערהיצט זיך לייכט פון דערהייבענע סצענעס. מיר וועלן דאָס בילד אָפּטראָגן אין זיין פּאַלאַץ און זיין דערביי, ווען ער וועט עס באַטראַכטן. אפשר וועט דער אָנבליק פונם בילד פון ס'ניי אויפוועקן זיין זשעני — אפשר...

בורגאָנינאָ

מ'דאַרף אים ניט! מאַך דאָפּלט די סכנה, ניט די צאָל פון די העלפער, זאָגט דער העלד. איך האָב שוין לאַנג אין מיין ברוסט געפילט עפּעס אַזוינס, וואָס לאָזט זיך פון גאָרנישט אָנזעטיקן. איצט ערשט האָב איך מיך דערוואוסט, וואָס איז עס אַזוינס.
אויפשטייענדיק העלדיש. איך האָב אַ טיראַן איבער זיך!

דער פאָרהאַנג פאַלט.

# צווייטער אַקט

א צימער אין פּיעסקאָס פּאַלאַץ.

## ערשטע סצענע

לעאָנאָרע. אַראַבעלאַ.

### אַראַבעלאַ

ניין, זאָג איך. איר ועט ניט ריכטיק. די אייפערזוכט האָט אַייך פאַרבלענדט.

### לעאָנאָרע

דאָס איז געוועזן יוליע אַ לעבעדיקע. רייד מיך ניט אַיין! מיין סילועט איז געהאַנגען אויף אַ הימלבלויען באַנד, און דאָס איז געוועזן פון פייערפאַרב. מיין גורל איז אַנטשיידן.

# צווייטע סצענע

פאַבריקס, יוליס.

### יוליע

מיט גאווה אַריינקומענדיק.

דער גראַף האָט מיר פאַרגעלייגט זיין פּאַלאַץ, איך זאָל פונדאַנען זען דעם צוג אין ראָטהויז. עס וועט מיר לאַנגווייליק זיין. איידער די שאָקאָלאַד איז פאַרטיק, פאַרברעננט מיט מיר, מאַדאַם! בעלאַ גייט אַרויס און קומט תיכף צוריק.

### לעאָנאָרע

איר פאַרלאַנגט, וועל איך אַריינרופן געסט?

### יוליע

נאַרישקייט. איך בין אַפּנים אַהער געקומען זוכן געסט? איר וועט מיך פאַרווײילן, מאַדאַם! גייט הין און צוריק קאָקעטירנדיק מיט זיך אַליין. אויב איר קענט, מאַדאַם! ווייל איך וועל דערביי נאָרנישט פאַרלירן.

### אַראַבעלאַ

סאַרקאַסטיש.

דערפאַר וועט די דאָזיקע טייערע קלייד נאָך מער פאַרלירן, סיניאָראַ. באַטראַכט אייך! אָפּנעמען ביי די לאָרנעטן פון די יונגע פראַנטן די מענלעכקייט צו זען אַזאַ פּרעכטיקע זאַך. אָ! און די בליצנדיקע שפּיל פון די פּערל, וועלכע קאָן אָקאָרשט עמעצן אויסברענען וואונדן אין די אויגן. — כ׳שווער ביים אַלמעכטיקן גאָט! איר האָט אַוודאַי דעם גאַנצן ים באַגולט.

יוליע

פאַר אַ שפּיגל.

דאָס איז פאַר אײַך טאַקע אַ זעלטנהייט, מאַמזעל? נאָר הערט, מאַמזעל, איר האָט דען אַייערע באַלעבאַטים אויך די צונג אַייערע פאַררונגען? פיין, מאַדאַם! איר לאָזט אַייערע הויז־מיידלעך פאַר־נעמען אַייערע געסט מיט קאָמפּלימענטן.

לעאָנאָרע

צום באַדויערן, פאַר־מינערט מיר די שלעכטע לוין מיינע דאָס פאַר־געניגן פון אַייער וויזיט, סינאָרינאַ.

יוליע

דאָס איז אַ מיאוסע רגילות, וועלכע מאַכט אײַך. שווער און פאַר־שלאָפן. באַוועגלעך, לעבעדיק און וויציק! דאָס איז דער איינציקער וועג, דורך וועלכן איר וואָלט צו זיך קענען צושמידן אַייער מאַן.

לעאָנאָרע

איך ווייס נאָר איין וועג, גרעפין! אַייערער זאָל בלייבן אַלס אַ סימפּאַטעטישער מיטל.

יוליע

ניט לייגנדיק קיין אַכט אויף אירע רייד.

און ווי האַלט איר זיך מאַדאַם! מיאוס! איר דאַרפט אויך אויף אַייער קערפּער מער קוקן. רופט צו הילף די קונסט דאָרט, וואו די נאַטור איז פאַר אײַך געווען אַ שטיפמוטער. אַ ביסל לאַק אויף דידאָזיקע באַקן, אויף וועלכע די פאַרב איז אַ שלעכטע צוליב די קרענקלעכע ליידנשאַפטן. אָרעמע באַשעפעניש. אַזוי ווי איר זייט, וועט אַייער פּנימל קיינמאָל ניט געפינען קיין קונה.

לעאָנאָרע

מונטער, צו בעלען.

גיב מיר מזל־טוב, מיידל! אוממעגלעך, אַז איך האָב מיין פיעסקאָ פאַרלאָרן, אָדער איך האָב אין אים גאָרנישט פאַרלאָרן.

מען דערלאַנגט שאָקאָלאַד. בעלאַ גיסט אָן.

יוליע

וועגן פאַרלירן מורמלט איר עפּעס? אָבער גאָט מיינער? ווי אַזוי איז אַייך געקומען אויפן זינען דער טראַגישער איינפאַל חתונה צו האָבן מיט פּיעסקאָן? צו וואָס זייט איר, מיין קינד, אַרויף אויף דערדאָזיקער הייך, פון וועלכער איר מוזט געזוען ווערן, פאַרגליכן ווערן? כ'לעבן, מיין שאַץ, דאָס איז געווען אַ שעלמע, אָדער אַ שוטה דער, וואָס האָט אַייך פאַרשדכנט צו פּיעסקאָן. אָננעמענדיק איר פאַר דער האַנט מיט רחמנות. קעצעלע מיינע, דער מענטש, וועלכן מען דולדעט אין דער גע׳עלשאַפט פון גוטן טאָן, קאָן פאַר דיר ניט זיין קיין גלייכע פּאָר. נעמט אַ טאַבּ:

לעאָנאָרע

מיט אַ שמייכל צו בעלזן.

אָדער ער וואָלט אַליין ניט וועלן, מען זאָל אים דולדן אין די־דאָזיקע הייזער פון גוטן טאָן.

יוליע

דער גראַף איז שיין, קען די וועלט, האָט אַ געשמאַק. דער גראַף האָט געהאַט דאָס גליק צו שליסן באַקאַנטשאַפט מיט פּעריזאָנען פון הויכן גראַד. דער גראַף האָט טעמפּעראַמענט, פייער. רייסט ער זיך אַרויס אַ דערוואַרימטער פון דעם איידעלן קרייז, ער קומט אַהיים, די ווייב באַגעגנט אים מיט דער וואָכעדיקער צערטלעכקייט לעשט אויס זיין היץ אין אַ פייכטן פּראָסטיקן קוש, טיילט אים אויס אירע לאַסקעס מיט אַ חשבון, ווי אַ באַלעבאָסטע איר קעסט־ניק. אָרעמער מאַן, נעבעך! דאָרט שמייכלט צו אים דער בליענדיקער אידעאַל, דאָ עקלט אים פון דער אומצופרידענער עמפּינדלעכקייט, סיניאָראַ, אום גאָטעס ווילן! אויב ער האָט ניט דעם שכל פאַרלאָרן, וואָס זאָל ער אויסוויילן?

לעאָנאָרע

דערלאַנגענדיק איר אַ טאַבּ.

אַייך, מאַדאַם, אויב ער האָט דעם שכל פאַרלאָרן.

יוליע.

רעכט! דערדאָזיקער בּיס וועט דערלאַנגען אין דיין איינענעם

הארצן! ציטער פאַר דעמדאָזיקן שפּאַס, אָבער איירער דו ציטערסט, ווער רויט.

ל ע אָ נ אָ ר ע

רויט ווערן איז אַייך אויך באַקאַנט, סינ׳אָראַ? נאָר פאַרוואָס דען ניט? דאָס איז דאָך נאָר אַ קליינינקייט, וואָס געהער צום טואַלעט.

י ו ל י ע.

אַהאַ. ס׳הייסט, מען דאַרף דאָס ווערימל צערייצן, כדי אַרויסצו־קוועטשן פון אים אַ פונק נאַטירלעכע שאַרפזיניקייט. פאַרן ערשטן מאָל איז עס גוט! דאָס איז געווען אַ שפּאַס, מאַדאַם, גיט מיר די האַנט פאַר אַ סימן, אַז מיר מאַכן שלום.

ל ע אָ נ אָ ר ע

גיט איר די האַנט מיט אַ בליק, וואָס זאָגט פיל.

אימפּעריאַלי, פאַר מיין צאָרן האָט ניט קיין מורא

י ו ל י ע

גרויסמוטיק, ניטאָ וואָס צו ריידן, און פאַרוואָס זאָל איך דען מורא האָבן? לאַנגזאַם און מיט פאַרשנדיקן בליק. אויב איך טראָג אויף זיך דעם שאָטן פון אַ פּערזאָן, דאַרף מען דערפון ניט מאַכן דעם אויספיר, אַז דער אָריגינאַל איז מיר טייער? אָדער ווי מיינט איר?

ל ע אָ נ אָ ר ע

רויט און צעמישט

וואָס רעדט איר? איך האָף, אַז דער אויספיר איז צו גיך געמאַכט.

ו ל י ע

איך אַליין מיין אויך אַזוי. דאָס האַרץ רופט קיינמאָל ניט דעם שכל צו הילף. דער געפיל פאַרבאָרגט זיך קיינמאָל ניט הינטער צירונג.

ל ע אָ נ אָ ר ע

גרויסער גאָט! ווי קומט איר צו אַזאַ אמת?

י ו ל י ע

רחמנות, בלויז רחמנות, זעט איר, דאָס איז אייך אומגעקערט

אמת—און פיעסקאָ איז נאָך אַייערער. זי גיט איר אָפּ דעם סילועט און לאַכט זיך בייז פונאַנדער.

**לעאָנאָרע**

מיט הייסער פאַרביטערטקייט.

מיין סילועט? אַייך? פאַלט אין יסורים אויף אַ שטול אָ, דער מענטש אָן געוויסן!

**יוליע**

מיט נצחון.

וואָס, אָפּגערעכנט זיך? יאָ? עס קלעקט שוין ביי אַייך מער ניט קיין נאָדלשטעך? הויך אויף דער גאַנצער סצענע. דעם וואָגן דער־לאַנגט! מיין זאַך איז אָפּגעטאָן! צו לעאָנאָרען, גלעטנדיק זי איבער דער גאָמבע. טרייסט אַייך, מיין קינד, ער האָט מיר דעם סילועט געגעבן אין אַ רגע פון משוגעת. גייט אַוועק.

---

## דריטע סצענע

---

קאַלקאַניאָ גייט אַריין.

קאַלקאַניאָ

אימפּעריאַלי איז אַרויס אַזאַ צעקאָכטע, און איר זייט אַ צורודערטע, מאַדאָנאַ?

לעאָנאָרע

מיט פּיפּן ווייטאָג.

ניין, דאָס איז קיינמאָל ניט געהערט געוואָרן!

קאַלקאַניאָ

הימל און ערד! איר וויינט?

לעאָנאָרע

אַוועק פון מיינע אויגן, פריינד פון דעם אוממענטשלעכן!

קאַלקאַניאָ

פון וועלכן אוממענטשלעכן? איר שרעקט מיך!

לעאָנאָרע

פון מיין מאַן, ניט אפשר? פון פיעסקאָ.

קאַלקאַניאָ

וואָס רעדט איר?

לעאָנאָרע

אָ, בלויז וועגן אַ מיאוסער זאַך, וואָס ביי אייך מאַנסביל איז זי אַזוי נאָנגבאַר.

### קאַלקאַניאָ.

נעמט אָן איר האַנט, מיט פעסטקייט.

נגעדיקע פרוי, איך האָב אַ האַרץ פאַר דער וויינענדיקער טוגנד.

### לעאָנאָרע

ערנסט

ניט פאַר מיר, איר זייט אַ מאַנסביל.

### קאַלקאַניאָ

איננאַנצן פאַר אייך, עס איז פול מיט אייך, ווען איר וואָלט וויסן, ווי אומענדלעך פול מיט אייך...

### לעאָנאָרע

מענטש, דו ליִגסט, דו פאַרזיכערסט, איידער דו טוסט.

### קאַלקאַניאָ

איך שווער אייך.

### לעאָנאָרע

אַ פאַלשע שבועה! דערט אויף! איר פאַרמאַטערט אומזיסט נאָטס קריצער, וואָס פאַרשרייבט זי. מאַנסביל! ווען אַלע אייערע שבועות וואָלטן זיך פאַרוואַנדלט אין שדים, וואָלט איר געקענט דעם הימל איינגעמען און די ליכטיקע מלאכים נעמען געפאַנגען.

### קאַלקאַניאָ

איר רעדט פון היץ, גרעפין! אייער פאַרביטערונג מאַכט אייך אומ־גערעכטיק. זאָל דער גאַנצער מין טראָגן דאָס אחריות פאַר די איינצלנע?

### לעאָנאָרע

קוקט אים אָן.

מענטש, איך האָב מיך געבוקט פאַר דעם געשלעכט אין דער פער־זאָן פון דעם איינצלנעם, זאָל איך דען איצט ניט אין דער פערזאָן פון דעם איינצלנעם דאָס געשלעכט פאַראַכטן?

### קאַלקאַניאָ

פרוווט זיך, גרעפין! דאָס ערשטע מאָל האָט איר אַ טעות געהאַט.

אָפּגעבּנריק דאָס האַרץ — איך ווײס דעם אָרט, וואו דער טעות וואָלט פאַרריכט ווערן.

לעאָנאָרע

איר קאָנט מיט אײַיערע ליגנס גאָט אַליין פון זײַן וועלט אַרויס־נאַרן. איך וויל פון דיר גאָרנישט הערן.

קאַלקאַניאָ

פון אײַער גזר־דין וואָלט איר נאָך הײַנט זיך אָפּגעזאָגט אין מײַנע אָרעמס.

לעאָנאָרע

אויפמערקזאַם.

דערדרייד אינגאַנצן. איז דײַנע?

קאַלקאַניאָ

אין מײַנע אָרעמס, וואָס עפענען זיך, כּדי אַ פאַרלאָזענע אויפצו־נעמען, און פאַר פאַרלאָרענע ליבע צו באַגיטיקן.

לעאָנאָרע

כיטרע.

ליבע?

קאַלקאַניאָ

פאַלט פאַר איר אַנידער, מיט היץ.

יאָ, געזאָגט. ליבע, מאַדאָנאַ! לעבן און טויט ליגט אויף אײַער צונג. אויב מײַן לײַדנשאַפט איז זינד, טאָ זאָלן די ברעגן פון גוטס און שלעכטס פלייצן צוזאַמען, און הימל מיט גיהינום זאָלן זיך צונויפגיסן אין איין קללה.

לעאָנאָרע

אָפּטרעטנדיק מיט צאָרן, שפּאָט.

אָט וואוהין דײַן מיטלייד צילט, דו פאַרשטעלטער מענטש! אין איין פאַלן אויף די קני פאַרראַטסטו פרײַנדשאַפט און ליבע צו־זאַמען. אַוועק אויף אייביק פון מײַנע אויגן! פאַראַכטער גע־שלעכט! ביז איצט האָב איך געמיינט, אַז דו באַטריגסט נאָר ווייבער אַליין; דאָס אָבער האָב איך קיינמאָל ניט געוואוסט, אַז דו קאָנסט זיך אַליין אַפילו פאַרראַטן.

קאַלקאַניאָ

שטייט אויף אַ צעמישטער.

גנעדיקע פרוי!

לעאָנאָרע

קנאַפּ, וואָס ער האָט צעבראָכן די הייליקע חתימה פון פריינד־שאַפט, אָטעמט נאָך דערדאָזיקער צבועק מיט סם אויף דעם ריינעם שפּיגל פון דער טוגנד און וויל מיין אומשולד נייטן צו ברעכן אַ שבועה.

קאַלקאַניאָ

האַסטיק.

מאַדאָנאַ, אין ברעכן אַ שבועה וואָלט איר ניט אַליין שולדיק געווען.

לעאָנאָרע

איך פאַרשטיי, — מיין לייד זאָל דיר אַוועקשענקען פייגע נעפּילן. זייער שטאָלץ. דאָס האָסטו ניט געוואוסט, אַז שוין דאָס הויכע אומ־גליק צו ליידן צוליב פּיעסקאָ מאַכט דאָס האַרץ פון אַ פרוי דערהייבן. גיי! פּיעסקאָס שאַנדע וועט אין מיינע אויגן ניט אויפהייבן קיין קאַלקאַניאָ, נאָר די מענטשהייט — דערנידער קן.

גייט שנעל אַוועק.

קאַלקאַניאָ

קוקט איר נאָך אַ צעמישטער, גייט נ. בדעם אַוועק, אַ קלאַפּ פּונעדיק אין שטערן.

שוטה דו!

# פערטע סצענע

מורין, פיעסקאָ.

פיעסקאָ

ווער איז עס אַרוים פונדאַנען?

מורין

מאַרקיז קאַלקאַניאָ.

פיעסקאָ

אויף דער סאָפע איז געבליבן ליגן דאָס נאָזטיכל. מיין פרוי איז דאָ געוועזן.

מורין

איך האָב זי דאָ ערשט באַגעגנט אַ שטאַרק צערודערטע.

פיעסקאָ

דאָס נאָזטיכל איז פייכט. (באַהאַלט עס ביי זיך.) קאַלקאַניאָ איז דאָ געוועזן? לעאָנאָרע שטאַרק צערודערט? (נאָכדעם, ווי ער שטייט אַ ביסל פאַרטראַכט, צום מורין.) אינאָוונט וועל איך דיך פרעגן, וואָס איז דאָ פאָרגעקומען.

מורין

מאַמזעל בעלאַ האָט ליב צו הערן, ווען מען זאָגט איר, אַז זי איז אַ בלאָנדע. איך וועל ענטפערן.

פיעסקאָ

און אָט זיינען די דרייסיק שעה אַריבער. האָסטו מיין שליחות דערפילט?

מורין

פון אַלעף ביז טאָף, מיין הערשער

פיעסקאָ

זעצט זיך.

זאָג־זשע, וואָס שמועסט מען וועגן דאָריאַ און וועגן דער היינטי־קער רעגירונג?

מורין

שפּוי! מען זידלט אויפן מיאוסטן אופן. שוין פון וואָרט „דאָריאַ" אַליין טרייסלט זיי ווי אין קדחת. דזשיאַנעטינאָן האָט מען פיינט ווי דעם טויט. אַלע ויינען אומצופרידן. די פראַנצויזן, זאָגן זיי, זיינען געווען געגועם ראַצן, דער קאָטער דאָריאַ האָט זיי אויפ־געפרעסן, און זיך גענומען פאַר די מייז.

פיעסקאָ

דאָס קאָן אַמאָל אמת זיין. נו, האָבן זיי ניט קיין הונט פאַר דעם קאָטער?

מורין

גלייכגילטיק.

די שטאָט שמועסט טיף און ברויט וועגן אַ געוויסן—אַ געוויסן,—ווי רופט מען אים?—צי דען האָב איך גאָר זיין נאָמען פאַרגעסן?

פיעסקאָ

שטייט אויף

נאַרישער קאָפּ! אים איז פונקט אַזוי לייכט צו געדענקען, ווי שווער עס איז געווען אים צו באַקומען. גענוע האָט אַפּנים מער ווי דעם איינציקן?

מורין

פונקט אַזוי מער, ווי עס קאָנען זיין צוויי גראַפן לאַוואַניאַ.

פיעסקאָ

זעצט זיך.

דאָס איז עפּעס אַ זאַך! און וואָס שעפּטשעט מען עפּעס וועגן מיין לייכטזיניקן לעבן?

מורין

מעסט אים אָפּ מיט ברייט געעפנטע אויגן.

הערט, גראַף לאַוואַניאַ! געגוּאַ מוז אַפּנים פון אײַך זייער האַלטן. מען קאָן עס ניט פאַרדייען, וואָס אַ קאַוואַליער פון דער שענסטער־משפחה—פול מיט טאַלאַנטן און מיט שכל—מיט פייער און מיט אײַנפאַלום — אַ גביר פון פיר מיליאָן פונט — מיט פירשט־לעכן בלוט אין די אָדערן — אַזאַ קאַוואַליער, ווי פיעסקאַ, וואָס פון זיין ערשטן וואונק וואָלטן אַלעמענס הערצער צו אים זיך אַ צי געטאָן —

פיעסקאַ

ווענדט זיך אָפּ מיט פאַראַכטונג.

פון אַ טויגעניכטס צו הערן עס!...

מורין

וואָס געגוּעס גרויסער מענטש פאַרשלאָפּט געגוּעס גרויסע מפּלה. פּילע באַדויערן, זייער פּילע שפּאָטן, דער גרעסטער טייל פלוכט אײַך. אַלע באַקלאָגן די מלוכה, וואָס האָט אײַך פאַרלאָרן. סיידן אַ יעזוויט וואָלט דערשמעקט, אַז אין שלאָפּראָק שטעקט אַ פוקס.

פיעסקאַ

איין פוקס דערשמעקט דעם צווייטן. וואָס רעדט מען וועגן מיין ראָמאַן מיט דער פּרינצעסין אימפּעריאַלי?

מורין

דאָס וואָס איך וועל ניט איבערחזרן פאַר אײַך.

פיעסקאַ

רייד אָפן! וואָס חוצפּהדיקער, אַלץ בעסער. וואָס מורמלט מען?

מורין

ניט מען מורמלט, נאָר אין אַלע קאַוועהייזער, אין אַלע ביליאַרדן, האָטעלן, שפּאַצירערטער, — אויפן מאַרק, אויף דער בערזע שרייט מען הויך —

פיעסקאָ

וואָס? איך באַפעל דיר.

מורין

אָפּטרעטנדיק אויף הינטער.

אַז איר זייט אַ נאַר!

פיעסקאָ

גוט! נאַ דיר אַ צעכינע פאַר דערדאָזיקער ידיעה. די מיץ פון דעם נאַר האָב איך שוין אָנגעטאָן, די געגנועזער האָבן שוין וועגן מיר וואָס צו ריידן. באַלד וועל איך מיר אויסשערן אַ פּליך, זיי זאָלן פון מיר קאָנען אַראָפּנעמען אַ פּאַיאַץ-שפּיל. ווי האָבן זיך געהאַלטן די ציידהענדלער, ווען זיי האָבן באַקומען מיינע מתנות?

מורין

ווי אַ פּאַיאַץ

נאַר, זיי האָבן געמאַכט אַן אָנשטעל, ווי אָרעמע בעל-עבירות.

פיעסקאָ

נאַר? צי ביסטו משוגע, טויגעניכטס?

מורין

זייט מיר מוחל! איך האָב חשק צו באַקומען נאָך צעכינען.

פיעסקאָ

לאַכט, גיט אים איינע.

נו, ווי די אָרעמע בעל-עבירות?

מורין

וואָס ליגן שוין אויף דעם עשאַפּאָט און האָבן פּלוצלונג דערהערט, אַז מען האָט זיי מוחל געווען. זיי זיינען אַייערע מיטן גוף און מיט דער נשמה.

פיעסקאָ

דאָס פרייט מיך. זיי האָבן אַ ווירקונג אויפן המון.

מורין

דאָס איז עס געווען אַ סצענע! ס'האָט ווייניק געפעלט, — זאָל

מיך כאַפּן דער רוח, — אַז איך זאָל דערפילן אַ טעם אין גרויס־מוטיקייט. זיי האָבן זיך צו מיר געוואָרפן אויפן האַלז ווי משוגע. די מיידלעך האָבן זיך, דוכט, גלייך איינגעלעבט אין מיין פּאָטערס פּאַרב, אַזוי היציק זיינען זיי באַפאַלן מיין ליקוי־לבנה. איך האָבן דאַן געטראַכט, ווי אַלמעכטיק איז דאָס גאָלד! עס קאָן אַפילו מורינען ווייס מאַכן.

פּ י ע ס ק אָ

דיין נעדראַנק איז בעסער, איידער דער מיסט, אין וועלכן ער איז אויסגעוואַקסן. די ידיעות, וואָס דו האָסט מיר געבראַכט, זיינען גוטע. צי וועלן אָבער דערפון אַרויסקומען מעשים?

מ ו ר י ן

ווי פון די וואָלקנס אַ שטורעם. מען שטעקט צונויף די קעפּ צוואַמען, מען קלייבט זיך אין קופּעס, מ׳זאָגט „הס״, ווי נאָר אַ פרעמדער גייט פאַרביי. אין גאַנץ גענוע הערשט אַ פאַרשטיקטע לופט, דידאָזיקע אומצופרידנהייט הענגט ווי אַ שווער וועטער איבער דער רעפּובליק. זאָל נאָר אַ ווינט אַ בלאָז טאָן—הייבן זיך אָן דונערן און בליצן.

פּ י ע ס ק אָ

שטיל. הער, וואָס איז עס פאַר אַ טומל?

מ ו ר י ן

צולויפנדיק צום פענסטער.

דאָס איז אַ געשריי פון אַ מאַסע מענטשן, וועלכע לאָזן זיך אַראָפּ פון ראָטהויז.

פּ י ע ס ק אָ

היינט קלייבט מען אַ פּראָקוראַטאָר. היים דערלאַנגען מיין קאַרעטע. עס קאָן ניט זיין, אַז די זיצונג זאָל זיך שוין ענדיקן. איך גיי אַהין. ס׳איז ניט מעגלעך, אַז זי זאָל זיך האָבן שוין געענדיקט ווי געהעריק. דעם שווערד און דעם מאַנטל אַהער. וואו איז מיין אָרדען?

מורין

מיין האַר! איך האָב אים געגנבעט און פּאַרזעצט!

פּיעסקאָ

דאָס פרייט מיך.

מורין

נו, ווי=זשע? ווען איך מיין פרעזענט באַלד באַקומען?

פּיעסקאָ

פּאַרוואָס? דערפאַר, וואָס דו האָסט אויך דעם מאַנטל ניט גע=גנבעט?

מורין

ווייל איך האָב דעם גנב אַנטפּלעקט.

פּיעסקאָ

דער טומל קייקלט זיך אַהער. הער! דאָס איז ניט קיין געשריי פון ערפאָלג שנעל געשווינט, ריגל אָפּ די טויערן פון הויף. איך שפּיר פּאַראַוויס, דאָריאַ איז משוגע דרייסט. די מלוכה וואַקלט זיך אויף אַ שפּיץ נאָדל. אין דער סינאָריע איז מסתמא פּאַרגע=קומען עפּעס אַ טומל.

מורין

אין פענסטער, שרייט.

וואָס איז עס? אַראָפּ באַלבי=גאָס, מ'לויפט טויזנטער, אַלעבאַרדעס בליצן, שווערדן. האָלאַ! סענאַטאָרן לויפן אַהער.

פּיעסקאָ

דאָס איז אַ בונט. שפּרינג אַראָפּ צו זיי... רוף אָן מיין נאָמען! זע, אַז זיי זאָלן זיך אַקער טאָן אַהער. דער מורין לויפט אַראָפּ. וואָס די מוראשקע די חכמה קלייבט מיט מי צוזאַמען אין אַ קופּע, דאָס צעטרייבט דער ווינט פון צופאַל אין איין הרף=עין.

---

# פינפטע סצענע

פיעסקאָ, צענטוריאָנע, ציבאַ, אַסעראַטאָ פאַלן האַסטיק אַריין אין צימער.

צ י ב אָ

גראַף, זייט מוחל אונזער צאָרן, וואָס מיר גייען אַריין אומגעמאָלדן.

צ ע נ ט ו ר י אָ נ ע

איך בין באַליידיקט, אויך טייט באַליידיקט דורך דעם הערצאָגס פלימעניק פאַר דער גאַנצער סיניאָריע אין די אויגן.

אַ ס ע ר אַ ט אָ

דאָריאַ האָט פאַרשוועכט דאָס גאָלדענע בוך, וואָס יעדע בלאַט אין אים — איז אַ גענועזער אַדלמאַן.

צ ע נ ט ו ר י אָ נ ע

דעריבער זיינען מיר דאָ. אין מיין פערזאָן איז דער גאַנצער אַדל באַליידיקט. דער גאַנצער אַדל מיז צוזאַמען מיט מיר נקמה נעמען. נקמה צו נעמען בלויז פאַר מ י י ן כ ב ו ד, וואָלט איך ניט געזוכט קיין העלפער.

צ י ב אָ

אין זיין פערזאָן איז דער גאַנצער אַדל אָנגערירט. דער גאַנצער אַדל מוז מיט פייער און פלאַמען שפייען.

אַ ס ע ר אַ ט אָ

די בעסטע מענטשן פון דער נאַציע זיינען צעטראָטן. די רעפּובּליקאַנישע פרייהייט האָט באַקומען אַ טויטקלאַפּ.

פיעסקאָ

איר רייצט זייער מיין נייגעריקייט.

ציבאָ

ער איז געווען דער נייאונצוואַנציקסטער פון די וואַלמענער, האָט ער גענומען צו די וואַלן פונם פּראָקוראַטאָר אַ גאָלדענע קייקל. אַכטאונצוואַנציק שטימען זיינען שוין געווען אָנגעזאַמלט. פערצן זיינען געווען פאַר מיר, אויך אַזוי פיל פאַר לאָמעלינאָ! דאָריאַ און ער האָבן נאָך זייערע שטימען ניט אָפּגעגעבן.

צענטוריאָנע

פאַלט אים אַריין אין די רייד.

נאָך ניט אָפּגעגעבן. איך האָב געשטימט פאַר ציבאָ, און דאָריאַ — פילט איר די וואונד פון מיין כבוד! — דאָריאַ —

אַסעראַטאָ

רייסט אים אויך איבער.

אַזוינס האָט זיך נאָך ניט פאַרלאָפן, זינט דער אָקעאַן פּלייצט אַרום גענוע.

צענטוריאָנע

רעדט ווייטער מיט גרעסערער היץ.

דאָריאַ האָט אַרויסגעצויגן דעם שווערד פון אונטער זיין פּורפּור-מאַנטל, שטעכט אים אַריין אין מיין וואַלקייקל און זאָגט צו דער פאַרזאַמלונג:

ציבאָ

„סענאַטאָרן, עס איז ניט גילטיק, דאָס קייקל איז דורכגעלעכערט. לאָמעלין איז פּראָקוראַטאָר”!

צענטוריאָנע

„לאָמעלין איז פּראָקוראַטאָר”! און האָט זיין שווערד אַ וואָרף געטאָן אויפן טיש.

אַסעראַטאָ

ער האָט אויסגעשריען: „עס איז ניט גילטיק” און אַ וואָרף געטאָן דעם שווערד אויפן טיש.

פ י ע ס ק אָ

נאָך אַ רגע פון שטילשווייג

וואָס זשע טראַכט איר צו טאָן?

צ ע נ ט ו ר י אָ נ ע

דאָס איז דער רעפּובליק אַ קלאַס סאַמע אין האַרצן. וואָס טראַכטן מיר צו טאַן?

פ י ע ס ק אָ

צענטוריאָנע, קליינע גרעזעלעך בויגן זיך פון אַן אָטעם, אַ דעמב דאַרף אַ שטורעם. איך פרעג, וואָס באַשליסט איר?

צ י ב אָ

איך וואָלט געמיינט, מען דאַרף פרעגן: וואָס גענוע באַשליסט צו טאָן.

פ י ע ס ק אָ

גענוע? גענוע? לאָזט צורו מיט גענוע. זי איז אַלט, זי ברעכט זיך אומעטום, וואו איר נעמט זי אָן. איר לייגט האָפענונגען אויף די פּאַטריציער? אפשר דערפאַר, וואָס זיי מאַכן אַ וויערן פּנים, קוועטשן מיט די פּלייצעס, ווען מען רעדט וועגן מלוכה־זאַכן. לאָזט צורו גענוע. איר העלדישקייט איז פאַרקלעמט אין די פּעק לעוואַנטישע סחורות. אירע נשמות פלאַטערן מיט שרעק אַרום אָסטאינדישן פּלאַץ.

צ ע נ ט ו ר י אָ נ ע

איר דאַרפט אונזערע פּאַטריציער בעסער שעצן! ווי נאָר דאָריאַ האָט זיין חוצפּהדיקן טאַט געטאָן, זיינען עטלעכע הונדערט אירע אַרויסגעלאָפן מיט צעריסענע קליידער אויפן מאַרק, און די סיניאָריע איז זיך פונאַנדערגעגאַנגען.

פ י ע ס ק אָ

שפּאָטיש.

ווי טויבן פליען זיך פונאַנדער, ווען אַ שפּאַרבער פאַלט אַריין אין טויבנשלאַק.

צענטוריאָנע

שטורמיש.

נײן! ווי פּעסער מיט פּולווער, ווען אין זײ פּאַלט אַרײַן אַ פײַער.

ציבאָ

דאָס פאָלק איז אויך אויפגעבראַכט — וואָס איז ניט אימשטאַנד צו טאָן אַ פאַרוואונדעטער ווילדער חזיר?

פּיעסקאָ

לאַכט.

דער בלינדער אומבאַהאָלפענער קאָלאָס, וואָס לכתחילה מאַכט ער אַ רעש מיט זײַנע קרומע פיס; הויכע און נידעריקע, נאָענטע און ווייטע דראָט ער מיט זײַן אָפענעם מויל צו דערשלינגען, און לסוף — ציט ער זיך אוים איבער אַ פאָדעם? גענועזער, אומזיסט. די צייט פון די ים־באַהערשער איז אַריבער. גענוע איז געפאַלן אונטער איר נאָמען. גענוע איז איצט געגליכן צו דעם אומבאַזויג־לעכן רוים, וואָס איז ווי אַ ראַקעטע אַ־ײַנגעשפּרונגען אין דער האַנט פון אַ צערטלעכן יונגל אָקטאַוויוס. גענוע קאָן שוין ניט זײַן פרײַ. גענוע מוז דערוואַרעמט ווערן פון אַ מאָנאַרך. גענוע דאַרף האָבן אַ הערשער, אַלזאָ בייגט זיך פאַר דעם דרייקאָפּ דזשיאַנעטינאָ.

צענטוריאָנע

אויפגעקאָכט.

ווען די שטורעמדיקע סטיכיעס וועלן צווישן זיך שלום מאַכן און דער נאָרדפּאָל וועט אַ שפּרונג טאָן צום זידפּאָל — קומט, חברים!

פּיעסקאָ

בלײַבט, פאַרבלײַבט! וואָס האָט איר זיך פאַרטראַכט, ציבאָ?

ציבאָ

ווענן גאָרנישט, אָדער וועגן אַ קאָמעדיע וואָס זאָל הייסן „ערד־ציטערניש״.

פּיעסקאָ

פירט זײ צו צו אַ סטאַטוע.

טוט אַ קוק אויף דער פיגור.

צ'ענטוריאַנע

דאָס איז די ווענוס פון פלאָרענץ. אַנטקעגן וואָס איז עס?

פיעסקאָ

אָבער זי נעפעלט אייך?

ציבאָ

איך מיין, אָדער מיר וואָלטן געוועזן שלעכטע איטאַליענער. ווי קאָנט איר איצט ווענן דעם פרעגן!

פיעסקאָ

נו, טאָ רייזט אַדורך איבער אַלע טיילן פון דער וועלט און נע-פינט צווישן אַלע אָפּדרוקן פון דעם ווייבלעכן מאָדעל דעם בעסטן, אין וועלכן אַלע חנען פון דערדאָזיקער אידעאַלער ווענוס זאָלן זיך צוזאַמענגיסן.

ציבאָ

און דעמאָלט וועלן מיר פאַר אונזער מי באַקומען?..

פיעסקאָ

דעמאָלט וועט איר גובר זיין די פאַנטאַזיעס פון די מאַרקשרייער.

צענטוריאָנע

אומגעדולדיק.

און וואָס וועלן מיר נעווינען דערפון?

פיעסקאָ

איר וועט געווינען דעם אַלטן פראָצעס פון דער נאַטור מיט די קינסטלער.

צענטוריאָנע

היציק.

און דעמאָלט?

פיעסקאָ

דעמאָלט? דעמאָלט? הייבט אָן צו לאַכן. דעמאָלט וואָלט איר פאַר-געסן, אַז גענועס פרייהייט ווערט חרוב.

צענטוריאָנע, ציבאָ און אַסעראַטאָ גייען אַוועק.

---

# זעקסטע סצענע

פּיעסקאָ.
דער טומל אַרום פּאַלאַץ ווערט שטאַרקער.

פּיעסקאָ
געלונגען, געלונגען. דאָס שטרוי פון דער רעפּובליק איז אין פלאַמען. דאָס פייער האָט שוין פארכאַפּט הייזער און טורעמס. שטאַרקער, ברייטער זאָל ווערן די שריפה, זאָל דער בייזער ווינט פייפן אין די חורבות.

# זיבעטע סצענע

מורין אײלנדיק, פיעסקאָ.

מורין

המונים נאָך המונים.

פיעסקאָ

עפן אָפּ די טויערן, לאָז אַריין אַלעמען, ווער עס האָט פיס.

מורין

רעפּובליקאַנער! רעפּובליקאַנער! שלעפּן זייער פרייהייט אונטערן אָך, קייכן, ווי לאַסט־אָקסן, אונטער זייער אַריסטאָקראַטישער פּראַכט.

פיעסקאָ

נאַראָנים, וואָס גלויבן, אַז פיעסקאָ לאַוואַניאַ וועט ווייטער פירן דאָס, וואָס פיעסקאָ לאַוואַניאַ האָט ניט אָנגעהויבן. די דערצאָרע־גונג קומט ווי נערוּ־ן, אָבער די פאַרשווערונג וועל איך מאַכן. זיי רייסן זיך אויף די טרעפּ אַרויף.

מורין

אַרויסלויפנדיק

האָלאַ! האָלאַ! זיי וועלן די שטוב צעטראָגן! אַן עולם רייסט זיך אַריין, די טיר איז צעבראָכן

---

# אַכטע סצענע

פּיעסקאָ, צוועלף בעלי־מלאכות.

אַלע

נקמה פון דאָריאַ! נקמה פון דזשיאַנעטינאָ!

פּיעסקאָ

שטילער, מיינע לאַנדסלייט. דאָס וואָס איר טוט מיר אָן אַזאַ כבוד, דערווייזט אַייער גוט האַרץ. אָבער מיינע אויערן זיינען צו צאַרט נאָר דעם.

אַלע

מיט גרעסערן טומל

אַראָפּ די דאָריאַס! צו דער ערד דעם פּאַטער מיט דעם פּלימעניק!

פּיעסקאָ

ציילט זיי שמייכלענדיק.

צוועלף זיינען אַ פיינע אַרמיי!

איינער

די דאָזיקע דאָריאַס מוזן אַראָפּ! די מלוכה מוז האָבן אַן אַנדער פאָרם פון רעגירן!

ערשטער בעל־מלאכה

אונזערע פרידנסריכטער פון די טרעפּ אַראָפּצושליידערן, פון די טרעפּ — אונזערע פרידנסריכטער!

צווייטער

שטעלט אַייך פאָר, לאַוואַניאַ—פון די טרעפּ אַראָפּ! ווען זיי האָבן אים ווידערגעשפּראָכן ביי די וואַלן!

אַלע

דאָס זאָל ניט דערלאָזן ווערן! דאָס דאַרף ניט דערלאָזן ווערן!

דריטער

אַ שווערד צו נעמען אין ראַט!

ערשטע

אַ שווערד! דעם צייכן פון מלחמה! אין צימער פון פרידן!

צווייטער

אין סענאַט צו קומען נעקליידט אין פּורפּור. ניט אין שוואַרצן, ווי די איבעריקע סענאַטאָרן!

ערשטער

אויף אַכט פערד צו פאָרן איבער אונזער הויפּטשטאָט!

אַלע

אַ טיראַן! אַ פאַררעטער פונם לאַנד און פון דער רעגירונג!

צווייטער

צו קויפן אַ לייבוואַך פון צוויי הונדערט דייטשן ביים קייזער!

ערשטער

אויסלענדער קענען די קינדער פון פאָטערלאַנד! דייטשן קענען איטאַליענער! סאָלדאַטן לעבן די געזעצן!

אַלע

פאַרראַט! בגידה! געוועס אונטערגאַנג!

ערשטער

אויסצומאָלן אויף דער קאַרטע דעם הערב פון דער רעפּובליק!

צווייטער

אַוועקצושטעלן אַנדרעאַסעס סטאַטוע אין הויף פון דער סיניאָריע!

אַלע

אויף שטיקער אַנדרעאַסן! אויף טויזנט שטיק דעם שטיינערנעם און דעם לעבעדיקן

פיעסקאָ

געגנועזער! וואָס איז דאָס אַלץ צו מיר שייך?

ערשטע

איר טאָרט עס ניט דערלאָזן! איר דאַרפט זיך אַנטקעגנשטעלן?

צווייטער

איר זייט אַ קלוגער מענטש, און טאָרט עס ניט דערלאָזן. איר דאַרפט פאַרשטיין אונזער לאַגע!

ערשטער

איר זייט מער אַדלמאַן פאַר אים, איר דאַרפט אים אָנלערנען און ניט דערלאָזן!

פיעסקאָ

אייער צוטרויען איז פאַר מיר אַ גרויסער כבוד. ווי קאָן איך עס פאַרדינען דורך מעשים?

אַלע

מיט אַ געפּילדער.

שלאָג! וואַרף אַראָפּ! לייז אויס!

פיעסקאָ

אָבער אַ גוט וואָרט קענט איר נאָך אויסהערן?

אייניקע

רעדט, לאַוואַניאַ!

פיעסקאָ

זעצט זיך.

געגנועזער! אין דער מלוכה פון די חיות האָבן זיך אַמאָל אָנגע-הויבן בירגערלעכע אומרוען, פאַרטייען האָבן זיך געשלאָגן מיט פאַרטייען, און אַ יאַטקעהונט האָט איינגענומען דעם טראָן. געוואוינט צו פאַרטרייבן די פי אונטערן מעסער, האָט ער אין זיין קיניג-

דייך גענומען הערשן אויפן הינטישן שטייגער. ער האָט געבולן, געביסן און צרומגעגריזשעט די ביינער פון זיין פאָלק. דאָס פאָלק איז געווען אומצופרידן; די סאַמע דרייסטע האָבן זיך צוזאַמענגע-נומען און דערוואָרגן דעם פירשטלעכן הונט. דאַן האָט זיך צונויפ-געקליבן אַ פאַרזאַמלונג פון דער מלוכה, כדי צו געפינען אַן ענטפער אויף דער גרויסער פראַגע, וואָס פאַר אַ רעגירונג איז די בעסטע. די שטימען האָבן זיך צעטיילט אויף דריי טיילן. גענוע-זער, פאַרוואָס פאַר אַ רעגירונג וואָלט איר געשטימט?

ערשטער בירגער

פאַר דאָס פאָלק! אַלץ פאַר דאָס פאָ.ק!

פיעסקאָ

דאָס פאָלק האָט געוואונען. די רע.ירונג איז געוואָרן אַ דעמאָקראַ-טישע. יעדער בירגער האָט געגעבן זיין שטים; די מערהייט האָט באַשטימט. עטלעכע וואָכן זיינען אַריבער, און דער מענטש האָט דער נייגעבאַקענער פריישטאָט געמאָלדן קריג. די מלוכה האָט זיך צוזאַמענגעקליבן. דער פערד, דער לייב, דער טיגער, דער בער, דער העלפאַנד און דער נאָזהאָרן זיינען אַרויסגעטראָטן און האָבן גענומען הויך ברילן; צום וואָפן! איצט איז געקומען די צייט פאַר די איבעריקע. די שעפס, דער האָז, דער הירש, דער אייזל, די גאַנצע קיניגרייך פון אינזעקטן, פון פייגל, פון פיש, וואָס האָבן זיך געשראָקן פאַר מענטשן — אַלע האָבן זיי זיך אַוועקגעשטעלט אַנטקעגן און גענומען קלאָגן: פרידן! זעט איר, גענועזער! פחדנים זיינען גע״עזן מער פאַר די מוטיקע, נאַראָנים — מער פאַר די קלו-גע — די מערהייט האָט אָבער באַשטימט. די מלוכה פון די חיות האָט אַוועקגעלייגט די וואָפן, און דער מענטש האָט פאַרנומען זייער לאַנד. אַזוי אַרום האָט זיך דער אופן פון רעגירן אַרויסגעוויזן פאַר אַ שלעכטן. גענועזער! צו וואָס וואָלט איר איצט גענייגט געווען?

ערשטער און צווייטער

פאַר אַ קאָמיטעט, געווים פאַר אַ קאָמיטעט!

פיעסקאָ

דידאָזיקע מיי.ונג איז געפעלן געוואָרן. די מלוכה ענינים זיינען

צעטיילט געוואָרן צווישן פאַרשיידענע קאַמערן. וועלף האָבן ב"ה זאָרגט די פינאַנסן. פיש זיינען ביי זיי געווען די סעקרעטאַרן. טויבן האָבן געפירט דעם קרימינאַל-געריכט. טיגערס דעם פרידנס-געריכט. בעק האָבן אַנטשיידט חתונה-פּראָצעסן. סאָלדאַטן זיינען געווען די האָזן. לייבן און העלפאַנדן זיינען געבליבן ביים אָבאָז, דער אייזל איז געווען דער אַמבאַסאַדאָר פון דער מלוכה, און דער מוילוואָרף—דער הויפּטאויפזעער איבער די אַמטן. געגועזער! וואָס האָפט איר פון אַזאַ פאַרטיילונג? וועמען דער וואָלף צע-רייסט ניט, יענעם נעמט אַרום דער פוקס. ווער עס איז זיך מציל פון דעם פוקס, יענעם צעטרעט דער אייזל. דער טיגער האָט דער-וואָרגן די אומשולדיקע, די טויבן האָבן מוחל געווען די גנבים און די מערדער, און צום סוף, אַז זיי האָבן אָפּגעגעבן דעם דין-וחשבון פון זייערע אַמטן, האָט דער מוילוואָרף געפונען, אַז זיי האָבן גוט געטאָן. די חיות האָבן זיך געבונטעוועט. לאָמיר אויסוויילן אַ קי-ניג, — האָבן זיי איינשטימיק געשריען, — וואָס האָט קלויען און מאַרך, נאָר איין מאָגן! און אַלע האָבן זיך אונטערגעגעבן אונטער דער מאַכט פון איין אָנפירער,—פון איינעם, געגועזער!—אָבער—צוגייענדיק צו זיי מיט גרויסקייט דאָס איז געווען דער לייב!

אַ ל ע

אַפּלאַדירן, וואַרפן די היטלען אין דער הויך.

בראַוואָ! בראַוואָ! קלוג געטאָן!

ע ר ש ט ע ר

און זאָל עס געגוע נאָכטאָן, און געגוע האָט שוין אַזאַ מענטשן!

פ י ע ס ק אָ

איך וויל ניט וויסן, ווער ער איז! גייט אַהיים! געדענקט אָן דעם לייב! די בירגער גייען אַרויס מיט אַ גפילדער. עס גייט ווי געשמירט. דאָס פאָלק און דער סענאַט זיינען קעגן דאָריאַ. דאָס פאָלק און דער סענאַט זיינען פאַר פיעסקאָ. האַסאַן! האַסאַן! איך מוז דעמ-דאָזיקן ווינט אויסנוצן! האַסאַן! האַסאַן! איך מוז דידאָזיקן שנאַד פאַרשטאַרקן! דעמדאָזיקן ענין אונטערהאַלטן. אַהע', האַסאַן! ממזר פון גהינום! האַסאַן! האַסאַן!

---

# נ י י נ ט ע  ס צ ע נ ע

מ ו ר י ן קומט אַריין, פ י ע ס ק אָ.

מ ו ר י ן

ברוגז.

מיינע ווילן ברענען נאָך. וואָס איז שוין ווידער?

פ י ע ס ק אָ

דאָס, וואָס איך באַפעל.

מ ו ר י ן

מיט חניפה.

וואוהין זאָל איך לויפן פריער, וואוהין נאָכדעם?

פ י ע ס ק אָ

דאָס מאָל וועסטו זיין פריי פון לויפן. מען וועט דיך נאָר אַ ביסל אַרומשייערן, זיי גרייט. איך מעלד איצט וועגן דיין מאָרדאָנפאַל און גיב דיך איבער אַ געבונדענעם אין די הענט פון די פייניקער.

מ ו ר י ן

שפרינגט אָפּ אויף זעקס טריט צוריק.

מיין האַר! דאָס איז קענן אונזער אָפּמאַך!

פ י ע ס ק אָ

זיי רויק! דאָס איז מערניט ווי אַ קאָמעדיע. אין דעם אויגנבליק גייט עס נאָר אום דעם, אַז דזשיאַנעטינאָס אַטענטאַט אויף מיין לעבן זאָל באַוואוסט ווערן. מען וועט דיך נעמען אויפן פאַרהער אונטער פיינען.

מורין

איך זאָל מיך מודה זיין, אָדער לייקענען?

פיעסקאָ

לייקענען. מען וועט דיך נעמען פייניקן. דעם ערשטן גראַד וועסטו אויסהאַלטן. דידאָזיקע אומאָנגענעמלעכקייט קאָנסטו פאַררעכענען אויפן חשבון פון דיין אָנפאַל. ביים צווייטן גראַד וועסטו זיך מודה זיין.

מורין

שאָקלט מיטן קאָפּ באַטראַכטנדיק זיך.

אַ שעלמע איז דער טייוול. די הערן קאָנען מיך פאַרהאַלטן און איך וועל געפערטלט ווערן אַזוי זיך, פון קאַטאָוועס וועגן.

פיעסקאָ

וועסט גאַנץ בלייבן. איך גיב דיר מיין ערנוואָרט פון אַ גראַף. איך וועל בעטן, מען זאָל מיר, אַלס באַפרידיקונג, אַליין לאָזן דיך באַשטראָפן, און דעמאָלט וועל איך דיר מוחל זיין פאַר דער גאַנצער רעפּובליק אין די אויגן.

מורין

זאָל זיין אַזוי. זיי וועלן מיר אויסציען די גלידער. דאָס מאַכט געלויפיקער.

פיעסקאָ

טאָ טו מיר שנעל אַ דראַפּ מיטן קינזשאַל איבער דער האַנט, ביז עס וועט אַרויס בלוט. איך וועל מאַכן אַן אָנשטעל, בלומרשט, איך האָב דיך ערשט געכאַפּט. גוט. מיט אַ געשריי. מערדער! מערדער! מערדער! פאַרשטעלט די וועגן! פאַרריגלט די טויערן!

ער שלעפּט אַרויס דעם מורין פאַרן קאָלנער. משרתים לויפן איבער דער סצענע

## צענטע סצענע

לעאָנאָרע, ראָזע לויפן אַריין דערשראָקענע.

לעאָנאָרע

אַ מאָרד! מען האָט געשריען: מאָרד! פונדאַנען האָט זיך געהערט דער טומל.

ראָזע

מסתמא, אַן אומזיסטע בהלה, ווי עס טרעפט טאָג־טעגלעך אין גענוע.

לעאָנאָרע

מען האָט געשריען: מאָרד! און דאָס פאָלק שעפטשעט גאַנץ דייט־לעך: פיעסקאָ! באַטריגער אָן אַ האַרץ! זיי ווילן שווינען מיינע אויגן, אָבער מיין האַרץ האָט זיך איבער זיי געקליגט. נעשווינד, אייל זיך צו, זע, זאָג מיר, וואוהין שלעפּן זיי אים!

ראָזע

באַרויִקט זיך, בעלע איז שוין געגאַנגען.

לעאָנאָרע

בעלע וועט נאָך כאַפּן זיין שטאַרבגדיקן בליק! די גליקלעכע בעלע! ווייַ צו מיר, זיין מערדערין. ווען פיעסקאָ וואָלט מיך געקאָנט ליב האָבן, וואָלט ער קיינמאָל זיך ניט געוואָרפן אין דער גרויסער וועלט אַריין, קיינמאָל ניט אויף דעם קינושאַל פון קנאה! — אָט איז בעלע! אַוועק! רייד ניט, בעלע!

# עלפטע סצענע

---

די פאַבריקע, בעלע.

### בעלע

דער גראַף לעבט און איז געזונט. איך האָב אים געזען, ווי ער גאַלאָפּירט איבערן שטאָט. איך האָב אונזער גוטן האַר קיינמאָל ניט געזען אַזאַ שיינעם. דער פערד האָט זיך געחנט אונטער אים און מיט די שטאָלצע קאָפּיטעם צעטריבן דאָס פאָלק, וואָס האָט זיך נעקליבן אַרום דעם פירשטלעכן רייטער. פאַרבייפליענדיק האָט ער מיך דערזען, גנעדיק אַ שמייכל געטאָן, אַ וואונק געטאָן, און צוגעוואָרפן דריי קושן. כיטרע. וואָס זאָל איך דערמיט טאָן, סיניאָרע?

### לעאָנאָרע

אַנטציקט.

לייבטזיניקער פלוידערזאַק! גיב זיי אים אָפּ צוריק!

### ראָזע

אָט זעט איר — איצט זייט איר ווייטער רויט געוואָרן.

### לעאָנאָרע

זיין האַרץ וואַרפט ער פאַר דער זונה, און איך זאָל מיך יאָגן נאָך אַ בליק? — אָ, ווייבער! ווייבער! גייען אַוועק.

---

## צוועלפטע סצענע

אין אַנדרעאַסעס פּאַלאַץ.

דזשיאַנעטינאָ, לאָמעלין גייען האַסטיק אַריין.

דזשיאַנעטינאָ

זאָלן זיי רעווען נאָך זייער פרייהייט, ווי אַ לייבין נאָך אירע קינ-דער. איך בלייב ביי מיינס.

לאָמעלין

אָבער, גנעדיקער האַר!

דזשיאַנעטינאָ

גייט צום טייוול מיט אייער „אָבער", דריי-שעהדיקער פּראָקוראַ-טאָר! איך וועל ניט אָפּטרעטן אויף קיין האָר. זאָלן געגועם טורעמס שאָקלען מיט די קעפּ, און זאָל דער רווישיקער ים אַריינ-ברומען „ניין!" — איך האָב ניט קיין מורא פאַר די אויסוואורפן.

לאָמעלין

געווים, דער המון איז ברענענדיק האָלץ, אָבער דער אַדל גיט אים צו זיין ווינט. די גאַנצע רעפּובליק איז אין אויפרודערונג. דאָס פאָלק און די פּאַטריציער צוזאַמען.

דזשיאַנעטינאָ

דאַן שטיי איך, ווי נירון קיסר אויפן באַרג, און קוק אויף דער שיינער שריפה.

לאָמעלין

ביז די גאַנצע מאַסע וועט אַריבערגיין אויף דער זייט פון איינעם

צן אָנפירער פון אַ פאַרטיי, וועלכער איז געגוג ערגייציק, אַז ער זאָל זיך לאָזן כאַפּן פיש אין דעם טריבן וואַסער.

ד ז ש י אַ נ ע ט י נ אָ

נאַרישקייט! נאַרישקייט! איך ווייס נאָר איינעם, וואָס וואָלט געקאָנט זיין געפערלעך, און דעם האָב איך שוין באַזאָרגט.

ל אָ מ ע ל י ן

זיין דורכלויכט! אַנדרעאַס גייט אַריין. ביידע פארנייגן זיך טיף.

אַ נ ד ר ע אַ ס

סיניאָר לאָמעלין! מיין פלימעניצע וויל אַרויספאָרן אין שטאָט.

ל אָ מ ע ל י ן

איך וועל האָבן דעם כבוד זי צו באַגלייטן. גייט אַרויס.

---

# דרייצנטע סצענע

אַנדרעאַס. דזשיאַנעטינאָ.

אַנדרעאַס

הער, פלימעניק. איך בין מיט דיר ניט צופרידן.

דזשיאַנעטינאָ

באַוויליקט מיך אויסצוהערן, דורכלויכטיקסטער פעטער!

אַנדרעאַס

דעם ערנסטן בעטלער אין גענוג, ווען ער איז ווערט. אַ יונגאַטש— קיינמאָל ניט, אַפילו ווען ער איז מיין פלימעניק. ס'איז אַ גרויסער גענאָד פון מיין זייט, וואָס איך בין מיט דיר, ווי אַ פעטער. דו פאַרדינסט אויסצוהערן דיין הערצאָג אין זיין סיניאָריע.

דזשיאַנעטינאָ

נאָר איין וואָרט, גנעדיקסטער האַר!

אַנדרעאַס

הער, וואָס דו האָסט אָפּגעטאָן און נאָכדעם פאַרענטפער זיך — אַ בנין, וואָס איך האָב צונויפגעשטעלט אין משך פון אַ האַלבן יאָרהונדערט, האָסטו חרוב געמאַכט, דעם מאַוזאָליי פון דיין פאָטער, זיין איינציקע פיראַמידע — — די ליבע פון די גענועזער! דידאָזיקע לייכטזיניקייט איז דיר מוחל אַנדרעאַס.

דזשיאַנעטינאָ

פעטער און הערצאָג!

## אַ נ ד ר ע אַ ס

רײם ניט איבער. דו האָסט פֿאַרדאָרבן דאָס שענסטע קונסטווערק פֿון דער רעגירונג, וואָס איך אַליין האָב פֿאַר די נענועזער באַקומען פֿון הימל, וואָס האָט מיר געקאָסט אַזוי פֿיל נעכט, אַזוי פֿיל סכּנות און בלוט. פֿאַר גאַנץ גענוע אין די אויגן האָסטו מײַן פֿירשטלעכן כּבוד פֿאַרשוועכט, ווײַל דו האָסט ניט געהאַט קײן אַכטונג פֿאַר מײַן אַנשטאַלט. פֿאַר ווע‌מען ווע‌סט זי דען הײליק זײַן, אויב מײַן אײגן בלוט פֿאַראַכט זי? די דאָזיקע נאַרישקײט איז דיר מוחל דער פֿעטער.

## ד ז ש י אַ נ ע ט י נ אָ

באַלײדיקט

גנעדיקסטער האַר, איר האָט מיך אַליין דערצויגן צו זײַן דער הערצאָג פֿון גענוע.

## אַ נ ד ר ע אַ ס

שוויַיג! — דו ביסט אַ פֿאַררעטער פֿון דער מלוכה, דו האָסט פֿאַרוואונדעט דאָס האַרץ פֿון איר לעבן. נעם עס אין אַכט, יינגל! דאָס באַטײַט — אינטערגעגעבנקײט! ווײַל דער פֿאַסטוך איז אינאָוונט נאָך דער אַרבעט פֿון טאָג אַוועק רוען, מײנסטו, אַז די טשערעדע איז שוין פֿאַרלאָזן? ווײַל אַנדרעאַס האָט אײַזגרויע האָר, צעשרעקסטו שוין די גזעצן, ווי אַ גאַסניונג?

## ד ז ש י אַ נ ע ט י נ אָ

מיט גאווה

רויִקער, הערצאָג! אין מײַנע אָדערן קאָכט אויך דאָס בלוט פֿון אַנדרעאַס, פֿאַר וועלכן פֿראַנקרײַך האָט געציטערט.

## אַ נ ד ר ע אַ ס

שווײַג, הײס איך! איך בין געוואוינט, דער ים זאָל הערן, ווען איך רײד. אין סאַמע מעמפל אירן האָסטו פֿאַרשוועכט די קיניגלעכע גערעכטיקײט. ווײסטו, ווי מען באַשטראָפֿט דערפֿאַר, מורד? איצט ענטפֿער!

דזשיאַנעטינאָ לאָזט אָן ווערטער אַראָפּ דעם בליק צו דער ערד.

אומגליקלעכער אַנדרעאַס! אין דיין אייגענעם האַרצן האָסטו אויסגעכאָוועט דעם וואָרעם פאַר דיינע פאַרדינסטן. איך האָב פאַר די געוועזער אויסגעבויט אַ הויז, וואָס זאָל לאַכן פון דער פאַרגענגלעכקייט, און אַליין אין אים דעם ערשטן פייער אַריינגעוואָרפן — דעם־אָ. — אומבאַטראַכטער! דאַנק דעמדאָזיקן גראָען קאָפּ, וואָס וויל, אַז הענט פון אייגענע זאָלן אים ברענגען צו קבורה. דאַנק מיין גאָטלאָזער ליבע דערפאַר, וואָס איך וואַרף ניט אַראָפּ דעם קאָפּ פון דעם מורד קעגן דער באַליידיקטער מלוכה — פון עשאַפאָטן. גייט שנעל אַוועק.

## פערצנטע סצענע

לאָמעלין און אַן אַטעם, דערשראָקן. דזשיאַנעטינאַ קוקט נאָך דעם הערצאָג בייז און שווייגנדיק.

לאָמעלין

וואָס איך האָב מיך אָנגעזען! וואָס איך האָב מיך אָנגעהערט! איצט! איצט—אַנטלויפט, פרינץ, איצט איז אַלץ פאַרלאָרן!

דזשיאַנעטינאָ

אין גרימצאָרן:

וואָס איז געווען צו פאַרלירן?

לאָמעלין

גענוג, פרינץ! איך קום פון מאַרק. דאָס פאָלק שטופט זיך אַרום אַ מורין, אַ געבונדענעם מיט שטריק; נאָך אים זיינען געגאַנגען גראַף לאַוואַניאַ מיט דרייהונדערט נאָבילים אין געריכטהויז, וואו מען פייניקט די פאַרברעכער. מען האָט דעם מורין געכאַפּט, ווען ער האָט געוואָלט אַ מאָרד באַגיין איבער פיעסקאָן.

דזשיאַנעטינאָ

טופּעט מיט דעם פוס.

וואָס? אַלע רוחות זיינען היינט קעגן מיר?

לאָמעלין

מען האָט אים שטרענג אויסגעפרעגט, ווער האָט אים אונטערגעשיקט. דער מורין האָט זיך אין גאָרנישט מודה געווען. האָט מען אים גענומען אויף דער ערשטער פייניקונג — ער האָט זיך ניט

מודה געווען. האָט מען אים גענומען אויף דער צווייטער. האָט ער אויסגעזאָגט—גנעדיקער האַר! ווי איז אייך געקומען אויפן זינען, אָנגעטרויען אַ טויגעניכץ אייער כבוד?

דזשיאַנעטינאָ

קוקט אויף אים ווילד

פרעג מיך גאָרנישט!

לאָמעלין

הערט ווייטער. ווי נאָר עס איז אַרויסגערעדט געוואָרן דאָס וואָרט דאָריאַ — בעסער וואָלט איך מיין אייגענעם נאָמען דערזען אויף דעם שרייבטאָוול פונם טייוול, איידער דאָ אייער נאָמען צו דער־הערן, — אַזוי האָט זיך גלייך פיעסקאָ באַוויזן פאַרן פאָלק. איר קענט אים, דעם מענטשן, וואָס בעט באַפעלעריש, וואָס האַנדלט מיט דעם האַרצן פון די מאַסן. די גאַנצע פאַרזאַמלונג האָט אים געהערט אין שטאַרע דערשראָקענע גרופעס. ער האָט ווייניק גע־רעדט, נאָר ער האָט אויסגעשטרעקט די פאַרבלוטיקטע האַנט, דאָס פאָלק האָט זיך געשלאָגן פאַר די פאַלנדיקע טראָפנס, ווי פאַר אַ הייליקע רעליקוויע. דער מורין איז דעם פאָלק איבערגעגעבן געוואָרן צו טאָן מיט אים, וואָס עס וויל, און פיעסקאָ — סאַר אַ טויט קלאַפּ דאָס איז פאַר אונז! — פיעסקאָ האָט אים מוחל געווען. דאָ איז די שטילקייט פון המון איבערגעריסן געוואָרן מיט אַ שרעקלעכן רעש. יעדער אָטעם האָט געפלוכט דאָריאַן. פיעסקאָן האָט מען אַוועקגעטראָגן אַהיים מיט טויזנטשטימיקע געשרייען „זאָל לעבן!“

דזשיאַנעטינאָ

מיט אַ פאַרשפּיקטן געלעכטער.

ואָלן זיי טומלען! — קייזער קאַרל! — מיט דעם איינציקן וואָרט, וועל איך זיי אײַנשטילן אַזוי, אַז קיין גלאָק וועט אין גאַנץ גענוע מער ניט הודזשען.

לאָמעלין

בעהמען ליגט ווייט פון איטאַליע. אויב קאַרל וועט זיך אַפילו צו־איילן, קאָן ער באַוויזן צו קומען סיידן צו אייער לוויה.

דזשיאַנעטינאָ
נעמט אַרויס אַ בריוו מיט אַ גרויסער חתימה:

אויב אַזוי איז גוט, וואָס ער איז שוין דאָ! — דו וואונדערסט זיך, לאַמעלין? דו מיינסט, איך בין אַזוי נאַריש, אַז איך וואָלט רייצן די משוגענע רעפּובליקאַנער, ווען זיי וואָלטן ניט געווען שוין פאַרקויפט און פאַרראַטן?

לאַמעלין
צעמישט

איך ווייס ניט, וואָס איך זאָל טראַכטן.

דזשיאַנעטינאָ

איך טראַכט וועגן עפּעס אַזוינס, וואָס דו ווייסט ניט. דער סוף איז נאָנט. איבערמאָרגן פאַלן צוועלף סענאַטאָרן. דאָריאַ ווערט מאָנאַרך, און דער קייזער קאַרל וועט אים שיצן. דו טרעטסט אָפּ אויף צוריק?

לאַמעלין

צוועלף סענאַטאָרן! מיין האַרץ איז ניט גענוג שטאַרק צוועלף מאָל אויפצונעמען אַ בלוט-זינד.

דזשיאַנעטינאָ

נאַרעלע, אויפן טראָן איז עס גאָרנישט. זעסטו, איך האָב מיך מישב געווען מיט קאַרלס מיניסטאָרן, אַז פראַנקרייך האָט נאָך אין גענוג אַ גאַנץ שטאַרקע פּאַרטיי, וואָס מען קאָן איר אַ צווייטן מאָל איבערגעבן אין די הענט די רעפּובליק, אויב מען וועט זי ניט אויסראָטן פון וואָרצל. דאָס האָט דעם אַלטן קאַרל אַ נעם געטאָן, און ער האָט אונטערגעשריבן מיין פאָרשלאָג. און דו זעץ זיך שרייבן, וואָס איך וועל דיר דיקטירן.

לאַמעלין

איך ווייס נאָך ניט...

דזשיאַנעטינאַ

זעץ זיך און שרייב!

לאַמעלין

אָבער וואָס זאָל איך שרייבן? זעצט זיך.

דזשיאַנעטינאָ

די נעמען פון די צוועלף קאַנדידאַטן—פראַנץ צענטוריאָנע...

לאַמעלין

שרייבט

צלם דאַנק פאַר זיין שטימען, וועט זיך מיט אים אָנהייבן די לוויה.

דזשיאַנעטינאָ

קאָרנעליאָ קאַלוואַ.

לאַמעלין

קאַלוואַ.

דזשיאַנעטינאָ

מיכאַעל ציבאָ.

לאַמעלין

דאָס וועט אָפּקילן זיין חשק צו דער פּראָקוראַטור.

דזשיאַנעטינאָ

טאָמאַס אַסעראַטאָ מיט דריי ברידער.

לאַמעלין

שטעלט זיך אָפּ.

דזשיאַנעטינאָ

אויסדריקלעך

מיט דריי ברידער.

לאַמעלין

שרייבט.

ווייטער.

דזשיאַנעטינאָ

פיעסקאָ לאַוואַניאַ.

ל אָ מ ע ל י ן

היט אַייך, היט אַייך! אָן דעמדראָזיקן שוואַרצן שטיין וועט איר זיך נאָך האַלדז און גניק ברעכן.

ד ז ש י אַ נ ע ט י נ אָ

סציפּיאָ בורנאָנינאָ.

ל אָ מ ע ל י ן

דער זאָל שוין ערגעץ אַנדערש שפּילן די חתונה.

ד ז ש י אַ נ ע ט י נ אָ

וואו איך וועל ביי דער כלה זיין אונטערפירער. ראַפאַעל סאַקאָ.

ל אָ מ ע ל י ן

דעם וואָלט איך בעטן באַגנעדיקן, ביז ער וועט מיר באַצאָלן מיינע פינף טויזנט סקודי. שרייבט. דער טויט מאַכט קוויט מיט די חובות.

ד ז ש י אַ נ ע ט י נ אָ

ווינצענט קאַלקאַניאָ.

ל אָ מ ע ל י ן

קאַלקאַניאָ. דעם צוועלפטן שרייב איך אויף מיין איינענער אחריות, אָדער איר האָט פאַרגעסן אָן אונזער טויטפּיינט.

ד ז ש י אַ נ ע ט י נ אָ

אַלץ איז גוט וואָס עס ענדיקט זיך גוט — יאָזעף ווערינאָ.

ל אָ מ ע ל י ן

אָט דאָס איז דער קאָפּ פון דער הידרע. שטעלט זיך, באַשיט מיט זאַמד, קוקט שנעל דורך דאָס אָנגעשריבענע, דערלאַנגט זי דעם פּרינץ. דער טויט גיט איבערמאָרגן אַ פרעכטיקן באַל, און האָט אַיינגעלאַדן צוועלף געגוועער פירשטן.

ד ז ש י אַ נ ע ט י נ אָ

יים צו צום טיש, חתמעט אונטער.

ס'איז געשען. אין צוויי טעג אַרום וויילט מען אַ דאָדזש. ווען די סעניאָריע וועט זיך פאַרזאַמלען, וועלן דידאָזיקע צוועלף לויט

אַ סיגנאַל מיט אַ נאָזטיכל פאַלן דורך אַ פּלוצלינגן שאָס; אין דערזעלביקער צייט װעלן מײנע צװײ הונדערט דייטשן מיט שטורעם פאַרנעמען דאָס ראָטהויז. װען דאָס װעט פאַרטיק זיין, קומט דזשיאַנעטינאָ דאַריאַ אַריין אין זאַל און הייסט זיך שװערן. [קלינגט אָן.]

לאָמעלין

און אַנדרעאַס?

דזשיאַנעטינאָ

[מיט פאַראַכטונג:]

ער איז אַן אַלטער מאַן. [אַ משרת קומט אַריין.] אױף דער הערצאָג װעט זיך אויף מיר נאָכפרעגן, זאָג, אַז איך בין אין קלױסטער ביי דער תּפילה. [דער משרת גייט אַװעק.] דער טייװל, װאָס שטעקט אין מיר, קאָן נאָר אונטער דער מאַסקע פון פרומקייט פאַרהיטן זיין אינקאָגניטאָ.

לאָמעלין

און ס'דאָזיקע פאַפיר, פּרינץ?

דזשיאַנעטינאָ

נעמסטו און לאָזט עס צירקולירן איבער אונזער פאַרטיי. דעם בריװ אָפּשיקן מיט אַ קוריער קיין לעװאַנטאָ. ער איז מודיע שפּינאָלאַן װעגן אַלץ, און הייסט אים אַכט דעם װייגער אינדער־פרי אַריינטרעטן אין דער הױפּטשטאָט. [ער װיל גיין.]

לאָמעלין

אַ לאָך אין פּאַס, פּרינץ! פיעסקאָ באַװוכט מער ניט די זיצונגען פון סענאַט

דזשיאַנעטינאָ

[שטעלט זיך אָפּ.]

עס װעט דאָך זיין נאָך איין מרידה אין גענוע? — איך װעל שוין זאָרגן װעגן דעם. [גייט אַרױס אין אַ זייטיקן צימער. לאָמעלין גייט אַרױס אין אַן אַנדער צימער.]

## פופצנטע סצענע

אַ פּאַרצימער ביי פּיעסקאַ.

פּיעסקאַ מיט בריוו און מיט צעטלען, מורין.

פּיעסקאַ

הייסט עס, פיר גאַלערעס זיינען אָנגעקומען?

מורין

האָבן זיך בשלום פאַראַנקערט אין דאַרסענאַ.

פּיעסקאַ

דאָס איז ווי געוואונטשן. פונוואַנען זיינען די שליחים?

מורין

פון רוים, פיאַטשענצאַ און פראַנקרייך.

פּיעסקאַ

ספּנט אויף די בריוו און לויפט זיי שנעל דורך;

ברוך־הבא, ברוך־הבא אין גענוע! זייער צופרידן. מען זאָל די קוריערן פירשטלעך מכבד זיין.

מורין

המם. וויל גיין.

פּיעסקאַ

וואַרט, וואַרט. דאָ איז נאָך פאַראַן אַ פולע אַרבעט פאַר דיר!

מורין

וואָס באַפעלט איר — אַ נאָז פון אַ שפּירהונט, צי דעם גיפט פון אַן עקדיש?

פּיעסקאָ

הײַנטיקס מאָל נאָר פֿויגל-געזאַנג. מאָרגן פֿרי װעלן זיך אַרײַנגנבֿע-נען אין שטאָט איבערנעטאָנענע צװײ טױזנט מאַן, כּדי אָנצוקומען צו מיר אויף דינסט. שטעל-זשע אויס דײַנע לאַנגהענטיקע בײַ די טויערן פֿון דער שטאָט, זײ זאָל אױף די אָנקומענדיקע פּאַסאַזשירן גוט אַכטונג געבן. אַ טײל װעט אָנקומען אַלס קאָמפּאַניע פּילי-גרימען, װעלכע גײען קײן לאָרעטאָ. אַנדערע אַלס מאָנאַכן, אָדער סאַװאָיאַרן, אָדער קאָמעדיאַנטן, װידער אַנדערע אַלס קרעמער, אָדער אַלס אַ טרופּע מוזיקאַנטן, גרעסטן טײל אָבער אַלס אויסגע-דינטע זעלנער, װאָס װילן בײַ גענוע ברױט עסן. מען זאָל יעדן פֿרעמדן אויספֿרעגן, װאו ער װעט אײַנשטײן. אויב ער װעט ענט-פֿערן: „בײַ דער גאָלדענער שלאַנג“, דאַרף מען אים פֿרײַנדלעך באַגריסן און אָנװײַזן מײַן װאוינונג. הער אָבער, בחור, איך פֿאַר-לאָז מיך אויף דײַן שכל!

מורין

האַר! װי אויף מײַן רישעות! אויב אײַן פּאַסמע האָר װעט זיך פֿון מיר אַרויסדרײען, זאָלט איר מיט מײַנע בײדע אויגן אָנלאָדן אַ לופֿט-ביקס און שיסן דערמיט אויף שפּערלעך. װיל אַװעקגײן.

פּיעסקאָ

װאַרט! נאָך אַן אַרבעט. די גאַלערעס װעלן דעם עולם שטעכן די אויגן. גיב זשע אַכטונג, װאָס מען װעט װעגן דעם רײדן. אויב עמעצער װעט דיך פֿרעגן, זאָג, אַז דו האָסט פֿון װײַטן עפּעס געהערט שמועסן, כּלומרשט דײַן האַר װיל דערמיט מאַכן אַ יאַגד אויף די טערקן. דו פֿאַרשטײסט?

מורין

כ'פֿאַרשטײ. די בערד פֿון די געמאַלטע ליגן פֿון אויבן, און װאָס אינעװײניק אין קאָרב — דאָס װײס דער טײַװל. װיל גײן.

פּיעסקאָ

האָב צײַט. נאָך אַ פֿאָרזיכטיקײט. דזשיאַנעטינאָ האָט אַ נײַעם גרױס מיך צו האַסן און אונטערשטעלן מיר אַ פֿוס. גײ און גיב אַכטונג

אויף דיינע חברים, אפשר וועסטו דערשמעקן עפּעס הכנות צו אַ מאָרד. דאָריאַ באַזוכט די חשודע הייזער. ווער חבר מיט די פרייזלעכע מיידלעך, די סודות פון די קאַבינעטן באַהאַלטן זיך גערן אין די פאַלדן פון די ווייבערשע קליידלעך. זאָג זיי צו גאָלדענע קונדן — זאָג זיי צו דיין האַר — ניטאָ אַזוינס געהויבנס, וואָס דו זאָלסט ניט קאָנען לאָזן זינקען אין דערדאָזיקער בלאָטע, ביז דו וועסט דערפילן אַ פעסטן גרונט.

### מ ו ר י ן

וואַרט, וואַרט! איך בין אַן איינגייער ביי אַ געוויסער דיאַנאַ באָנאָני, און בין אַ פינף פערטל יאָר געווען איר מעקלער. אייערנעכטן האָב איך געזען דעם פּראָקוראַטאָר לאָמעלין אַרויסגיין פון איר הויז.

### פ י ע ס ק אָ

ווי געוואונטשן. טאַקע דערדאָזיקער לאָמעלין איז דער הויפּטשליסל צו אַלע דאָריאַס נאַרישקייטן. מאָרגן אינדערפרי זאָלסטו גלייך אַהין גיין. אפשר איז ער היינטיקע נאַכט דער ענדימיאָן פון דער צניעהדיקער דיאַנע.

### מ ו ר י ן

נאָך אַ זאַך, גנעדיקער האַר! אויב די געגנוער וועלן מיך פרעגן — און כאַפּט מיך דער טייוול — זיי וועלן עס טאָן — איז ווען זיי פרעגן מיך, וואָס טראַכט פיעסקאָ וועגן גענוע? וועט איר נאָך אַלץ טראָגן אַייער מאַסקע, אָדער וואָס זאָל איך זיי ענטפערן?

### פ י ע ס ק אָ

ענטפערן? וואַרט. די פרוכט איז שוין צייטיק. די ווייען זאָגן אָן די געבורט. גענוע ליגט אויפן עשאַפאָט — זאָלסטו זאָגן, און דיין האַר הייסט יאָהאַן לודוויג פיעסקאָ.

### מ ו ר י ן

אויסציענדיק זיך פרייזלעך.

דאָס וועט שוין זיין אַ שכלדיקע שטיקל אַרבעט, איך שווער ביי מיין ערע פון אַן אויסוואורף. נעם זשע זיך, פריינד האַסאַן!

פריער פאַר צ̤לץ אין אַ שענקל אַריין. מיינע פיס האָבן פולע הענט מיט אַרבעט. איך דאַרף מיין מאָגן מהנה זיין, ער זאָל וועגן מיר פאַר מיינע פיס אַ גוט וואָרט פאַרוואַרפן. גייט אַיילנדיק אַרויס, קערט זיך באַלד ווידער אום. אַפּראָפּאָ, שיר ניט פאַרגעסן. איר האָט געוואָלט וויסן, וואָס איז פאָרגעקומען צווישן אַייער פרוי מיט קאַלקאַניאָ? ער איז אַוועק מיט אַ נאָז, מיין האַר, און ווייטער גאָרנישט. לויפט אַרויס.

---

## זעכצנטע סצענע

פּיעסקאָ אַליין.

פּיעסקאָ

אַ רחמנות, קאַלקאַניאָ. איר מיינט, אַפּנים, איך וואָלט געלאָזט הפקר אַזאַ איידעלן אַרטיקל, ווי מיין חתונה־געלעגער, ווען איך וואָלט ניט געהאַט פאַר אַ זיכערע ערבות מיין ווייבס צניעות און מיין אייגענעם ווערט? נאָר זוך מחותנעשאַפט, אַדרבא. דו ביסט אַ גוּ־טער סאָלדאַט. דאָס גיט מיר איבער דיינע הענט צו דאָריאַס אונטערגאַנג! — גייט הין און צוריק מיט האַסטיקע טריט. איצט קום מיט מיר, דאָריאַ, אַרויס אויפן קאַמפּפּלאַץ. אַלע פּרוּושינעס פון דער גרויסער מאַשין זיינען אין גאַנג, אַלע אינסטרומענטן אָנגעשטעלט צום שרעקלעכן קאָנצערט. מער פעלט ניט, ווי אַראָפּצונעמען די מאַסקע, און די פּאַטריאָטן פון גענואַ צו באַווייזן — פּיעסקאָ. עס הערן זיך טריט. עמעצער גייט. ווער קאָן עס מיר איצט שטערן?

# זיבעצנטע סצענע

פּיעסקאָ, וועריגאַ, ראָמאַנאָ מיט אַ בילה. סאַקאָ, בורגאָנינאָ, קאַלקאַניאָ. אַלע פאַרנייגן זיך.

פּיעסקאָ
באַגעגנט זיי פרייליך.

ברוכים הבאים, ווערדיקע פריינט! וואָס פאַר אַ וויכטיקע ענינים פירן אייך צו מיר אַלעמען פאַר אַמאָל? — דו ביסט אויך דאָ, טייערער ברודער ווערינאָ? איך וואָלט שוין באַלד פאַרגעסן דיך צו דערקענען, ווען מיינע געדאַנקען וואָלטן ניט געווען אָפטער מיט דיר, איידער מיינע אויגן. דאַכט מיר, אַז זינט דעם לעצטן באַל האָב איך מיין ווערינאָ ניט געזען?

ווערינאָ

פאַררעכן עס אים ניט, פּיעסקאָ. שווערע לאַסטן האָבן פאַר דער צייט געבויגן זיין קאָפּ. נאָר גענוג וועגן דעם.

פּיעסקאָ

ניט גענוג פאַר דער נייגעריקייט פון מיין ליבע. דו וועסט מיר מוזן דערציילן מער, ווען מיר וועלן זיין אַליין. צו בורגאָנינאָ. זייט געגריסט, יונגער העלד! אונזער באַקאַנטשאַפט איז נאָך גרין, אָבער מיין פריינדשאַפט איז שוין צייטיק. האָט איר איצט שוין אַ בעסערע מיינונג וועגן מיר?

בורגאָנינאָ

עס גייט דערצו.

פיעסקאָ

ווערינאָ, מען זאָגט, אַז דערדאָזיקער יונגערמאַן וועט ווערן דיין איידים. נעם מיין ברכה צו דעמדאָזיקן אויסוואַל. איך האָב נאָר איינמאָל מיט אים גערעדט, און דאָך וואָלט איך מיך האַלטן גרויס, ווען ער ווערט מיינער אַ קרוב.

ווערינאָ

דידאָזיקע מיינונג פרייט מיך פאַר מיין טאָכטער.

פיעסקאָ

צו די איבעריקע.

סאַקאָ? קאַלקאַניאָ? — אַלע ווייזט איר זיך זעלטן אין מיין הויז. באַלד וועל איך מיך אָנהייבן צו שעמען פאַר מיין גאַסטפריינד-לעכקייט, ווען די איידלסטע צירונגען פון גענוע ווען זי אויס-מיידן. און איצט באַגרים איך אַ פינפטן גאַסט, הגם ער איז מיר אומבאַקאַנט, אָבער שוין גענוג טייער צוליב דערדאָזיקער ווערדי-קער געזעלשאַפט.

ראָמאַנאָ

איך בין פשוט אַ מאָלער, גנעדיקער האַר, מיין נאָמען איז ראָמאַ-נאָ, איך דערנער מיך פון באַגנבענען די נאַטור, איך האָב קיין אַנדער וואָפן ניט, אויסער מיין פענזל, און איצט בין איך דאָ זייער נייגעריק זיך, כדי צו געפינען די דערהויבענע ליניע פאַר דעם קאָפּ פון ברוטוס.

פיעסקאָ

גיט מיר אייער האַנט, ראָמאַנאָ! אייער מוזע איז אַ קרובה פון מיין הויז. איך ליב זי ווי אַ ברודער. קונסט איז די רעכטע האַנט פון דער נאַטור. די נאַטור באַשאַפט נאָר ברואים, די קונסט — האָט געמאַכט דעם מענטשן. אָבער וואָס מאָלט איר, ראָמאַנאָ?

ראָמאַנאָ.

סצענעס פון דעם מעכטיקן אַלטערטום. אין פלאָרענץ שטייט מיין שטאַרבנדיקער הערקולעס; מיין קלעאָפּאַטרע — שטייט אין ווענע-דיג, דער צאָרנדיקער אַיאַקס — אין רוים, וואו די העלדן פון פאַר-צייטן לעבן ווידער אויף אין וואַטיקאַן.

פּיעסקאָ

און וואָס טוט איצט אײַער פּענזל?

ראָמאַנאָ

ער איז איצט פאַרוואָרפן, גנעדיקער האַר. דאָס ליכט פון דעם ושעני דאַרף ווייניקער פּעטס, איידער דאָס ליכט פון דעם לעבן. אַריבערגייענדיק אַ געוויסן פּונקט, קאָן מען געקרוינט ווערן מיט אַ פּאַפּירענער קרוין. אָט איז מײַן לעצטע אַרבעט.

פּיעסקאָ

איבערראַשט

איר האָט קיינמאָל ניט געקענט זיין מער געוואונטשן. מיר איז היינט אומגעוויינלעך פריילעך. מײַן גאַנצער וועזן פייערט אַ געוויסע העראָישע רויִקייט און איז אינגאַנצן אָפן אויפצונעמען די שיינע נאַטור. שטעלט אַוועק אײַער בילד. מיר ווילט זיך דערפון מאַכן אַן אמתן יום-טוב. שטעלט זיך אַרום, מיינע פריינד! לאָמיר זיך אינגאַנצן איבערגעבן דעם קינסטלער. שטעלט אַוועק אײַער בילד!

ווערינאָ

פּוט אַ וואונק צו די איבעריקע.

איצט גיט אַכטונג, גענועזער.

ראָמאַנאָ

שטעלט אַוועק דאָס געמעל.

דאָס ליכט מוז פאַלן פון דער זייט. הייבט אויף יענעם פאָרהאַנג. דעם פאָרהאַנג לאָזט אַראָפּ! גוט! טרעט אָפּ אָן אַ זייט. דאָס איז די געשיכטע פון ווירגיניוס און פון אַפּיוס קלאַוודיוס.

אַ לאַנגע, פּילפּאַרטייענדיקע פּויזע, בשעת אַלע באַטראַכטן דאָס בילד.

ווערינאָ

מיט באַגייסטערונג.

גיס אויס דיין צאָרן, גרייזגראָער פאָטער! — דו פּלאַטערסט, טיראַן? — סאַר אַ בלייכע איר שטייט, פּחדנים, רוימער! — נאָך אים נייט, רוימער! — דער שלאַכטמעסער בלאַנקט! — נאָך מיר, פּחדנישע גענועזער. — נידער מיט דאָריאַ! נידער! נידער! ער מאַכט מיטן שווערד פאַר דעם בילד.

פיעסקאָ

שמייכלענדיק צום מאָלער.

קאָנט איר דען פאַרלאַנגען נאָך מער דערפאָלג? אייער קונסט האָט פון דעם אַלטן מאַן געמאַכט אַ יונגן טרוימער.

ווערינאַ

דערשעפּט.

וואו בין איך? וואו ווייט איר אַהינגעקומען? פאַרשוואונדן, ווי זייפנ־בלאָזן? דו ביסט דאָ, פיעסקאָ? דער טיראַן לעבט נאָך, פיעסקאָ?

פיעסקאָ

זעסטו? פון צופּיל קוקן האָסטו פאַרגעסן די אויגן. דו האַלטסט, אַז דער קאָפּ פון דעמדאָזיקן רוימער קאָן אַרויסרופן באַוואונדערונג? לאָז אים. טו אַ בליק דאָ, אויף דער מיידל. איר אויסדרוק, ווי ווייך ער איז. ווי ווייבלעך! און סאַר אַ פּראַכט אויף די וועלקנדיקע ליפּן! סאַר אַ געלוסטונג אין איר בליק, וואָס לעשט זיך אויס. ניט נאָכצומאַכן, געטלעך, ראָמאַנאָ! און דערצו די ווייסע בלענדנדיקע ברוסט, ווי אָנגענעם נאָך פון די כוואַליעס פון דעם לעצטן אָטעם אויפגעהויבן. מער אַזעלכע נימפעס, ראָמאַנאָ, וועל איך מיך קניען פאַר אייער פאַנטאַזיע און דער נאַטור אָנשרייבן אַ גט.

בורגאָנינאָ

אָט דאָס איז די שיינע ווירקונג, אויף וועלכער דו האָסט געהאָפט, ווערינאַ?

ווערינאַ

מוטיק זיך, מיין זון, גאָט האָט אָפּגעוואָרפן פיעסקאָס האַנט; ער רעכנט מסתמא אויס אויף אונזערע.

פיעסקאָ

צום מאָלער.

יאָ, דאָס איז אייער לעצטע אַרבעט, ראָמאַנאָ. אייער מוח איז דערשעפּט. איר זאָלט זיך מער ניט צורירן צום פּענזל. נאָר באַ־וואונדערנדיק דעם קינסטלער, פאַרגעס איך אָן זיין ווערק. איך וואָלט דאָ געקענט שטיין און וואונדערן זיך און ניט באַמערקן

אַפּילו קיין ערדציטערניש. נעמט אײַער געמעל. ווען איך זאָל אײַך דאַרפֿן באַצאָלן פֿאַר דעם קאָפּ פֿון ווירגינאַ, וואָלט איך געמוזט נאַנץ גענוג פּאַרוען. נעמט עס צו.

## ראָמאַנאַ

רום איז דער געצאָלט פֿונם קינסטלער, איך שענק עס אײַך. ער זויל אַוועקגיין.

## פּיעסקאַ

אַ ביסל געדולד, ראָמאַנאַ! ער נייט אַרום מיט מאַיעסטעטישע טריט איבערן צימער; עס ווייזט אויס, ווי ער וואָלט ווענן עפּעס אַ גרויסער זאַך געטראַכט: צייטנווייז באַטראַכט ער אַלע דערבייליקע מיט שנעלע און שאַרפֿע בליקן. לסוף נעמט ער דעם מאָלער פֿאַר דער האַנט און פֿירט אים צו צו דעם בילד. קום אַהער, מאָלער! אויסערגעווייינלעך שטאָלץ און מיט ווערדע. דו שטייסט דאָ מיט אַזאַ גאווה דערפֿאַר, וואָס דו קאָנסט נאָכקרימען דאָס לעבן אויף די טויטע טיכער און מיט קלײנער מי פֿאַראייביקסטו גרויסע מעשים. דו גרויסט זיך מיט דער היץ פֿון אַ פּאָעט, מיט דער זינלאָזער פֿאַנטאַזיע פֿון מאַריאָנעטן־שפּיל, אָן האַרץ, אָן קראַפֿט, וואָס דערוואַרעמט צו מעשים. דו וואַרפֿסט אַנידער טיראַנען אויפֿן לייוונט. ביסט אַליין אַן אָרעמער קנעכט. מיט אַ שמיר פֿון פּענזל באַפֿרייסטו רעפּובליקן; און דו קאָנסט דײַנע אייגענע קייטן ניט ברעכן! באַפֿעלנדיק. גיי! דײַן אַרבעט איז אַ שטיק פֿון אַ קאָמעדיאַנט. דאָס, וואָס עס דאַכט זיך אויס, זאָל פֿאַרשוואונדן ווערן פֿאַר אמתע מעשים. מיט גאווה אומוואַרפֿנדיק דאָס בילד. איך האָב געטאָן דאָס, וואָס דו האָסט נאָר אויסגעמאָלט. אַלע זיינען פֿאַרציטערט, ראָמאַנאַ טראָגט אַ באַטריבטער אַוועק זיין בילד.

# אכצנטע סצענע

פיעסקאָ, ווערינאָ, בורגאָנינאָ, סאַקאָ, קאַלקאַניאָ.

## פיעסקאָ

רייסט איבער דאָס שווייגן פון פאַרוואינדערונג.

איר מיינט, אַז דער לייב שלאָפט, דערפאַר וואָס ער ברילט ניט? איר זייט אַזוי גרויס געווען ביי זיך, וואָס איר האָט זיך איינגע-רעדט, אַז איר זייט די איינציקע, וואָס האָבן געפילט גענועס קייטן? די איינציקע, וואָס האָבן זיי געוואָלט צעברעכן? איידער איר האָט נאָך פונווייטן געהערט זייער קלינגען, האָט פיעסקאָ זיי שוין צעבראָכן. ער עפנט אָפּ אַ קעסטעלע און נעמט אַרויס אַ פּאַק בריוו, וועלכע ער צעשפּרייט איבערן טיש. דאָ זיינען סאָלדאַטן פון פּאַרמאַ — דאָ איז געלט פון פראַנקרייך — — דאָ זיינען פיר גאַלערעס פון דעם פויפסט. וואָס פעלט נאָך, כדי דעם טיראַן צו פאַריאָגן פון זיין נעסט? וואָס קאָנט איר נאָך דערמאָנען זיך צו טאָן? ווען אַלע שווייגן פאַרשטיינערטע, טרעט ער אָפּ פונם טיש מיט געפיל פון זעלבסטווערדע. רעפּובליקאַנער, איר זייט געשיקטער, טיראַנען צו פאַרפלוכן, איידער אויפצורייסן זיי אין דער לופט. אַלע אייסער ווערינאָ פאַלן פיעסקאָן צו די פיס;

## ווערינאָ

מיין גייסט נייגט זיך פאַר דיינעם, אָבער מיינע קני קענען עס ניט. דו ביסט אַ גרויסער מענטש; אָבער — שטייט אויף, גענועזער!

## פיעסקאָ

גאַנץ גענועזע איז געווען ברוגז אויף דעם ווייבערניק פיעסקאָ. גאַנץ גענועזע האָט געפלוכט דעם צעלאָזענעם אויסוואורף פיעסקאָ. גענועזער!

גענועזער! מיין צעלאָזנקייט האָט געגאַרט דעם כיטרען דעספּאָט. מיינע נאַרישקייטן האָבן פון אַייער שאַרפן אויג פאַרשטעלט מיין חכמה. אין די ווינדעלעך פון פאַרשווענדעריי איז געלעגן פאַרוויקלט די וואונדערלעכע זאַך פון דער פאַרשווערונג. גענוג! גענוע קען מיך און איך, מיין אומגעהייערסטער וואונטש איז באַפרידיקט.

בורגאָנינאָ

וואַרפט זיך מיט עגמת-נפש אויף אַ שטול.

בין איך שוין מער גאָרנישט?

פיעסקאָ

אָבער לאָמיר שוין אַריבערגיין פון מחשבות צו מעשים. אַלע פרו-זשינעם זיינען אָנגעצוינן. איך קאָן די שטאָט שטורעמען פון דער יבשה און פון ים. רוים, פראַנקרייך און פאַרמאַ זיינען אויף מיין זייט. דער אַדל איז אומצופרידן, דער המון איז מיר איבערגעגעבן. די טיראַנען האָב איך פאַרזונגען און פאַרשלעפערט. די רעפּובליק איז גרייט צו ענדערונגען. אונז וועט זיכער גליקן. — אָבער ווערינאָ איז פאַרטראַכט?

בורגאָנינאָ

געדולד! איך האָב אַ וואָרט, וואָס וועט אים ניכער אויפוועקן, איידער דער שופר פון יום-הדין. ער גייט צו צו ווערינאָ און זאָגט פילבאַדייטנד פאָטער, דערוואַך. דיין בערטע איז אין פאַרצווייפלונג!

ווערינאָ

ווער האָט עס געזאָגט? — צו דער אַרבעט, גענועזער!

פיעסקאָ

באַטראַכט, ווי אויסצופירן אונזער פּלאַן. די נאַכט האָט אונז גע-טראָפן ביי אַן ערנסטן שמועס. גענוע שלאָפט. דער טיראַן איז איינגעשלאָפן נאָך די זינד פונם טאָג. וואַכט איר פאַר זיי ביידן.

בורגאָנינאָ

איידער מיר שיידן זיך, לאָמיר אונזער העלדישן בונד הייליקן אַרומנעמענדיק זיך. זיי נעמען זיך אַרום, מיט די הענט שליסנדיק אַ ראָד איצט זיינען גענועס פינף גרעסטע הערצער צוזאַמענגעוואַקסן אינ-

איינעם, כדי צו אַנטשיירן געגועם גורל. זיי דריקן זיך פעסטער איינער צום אַנדערן. ווען דער בנין פון די וועלטן וועט חרוב ווערן, און דאָס וואָרט פון יום־הדין וועט צעריימען די קנופּן פון בלוט און פון ליבע, — וועט אַלץ דידאָזיקע פינף־פאַכע בלאַט פון העלדיש־קייט גאַנץ בלייבן! גייען זיך פונאַנדער.

וועריִנאָ

ווען פאַרזאַמלען מיר זיך ווידער?

פּיעסקאָ

מאָרגן אום האַלבן טאָג וויל איך צונויפזאַמלען אַייערע מיינונגען.

וועריִנאָ

איז מאָרגן אום האַלבן טאָג. אַ גוטע נאַכט, פּיעסקאָ! בורגאָנינאָ, קום! דו וועסט עפּעס אַזוינס זעלטנס הערן. ביידע גייען אַוועק.

פּיעסקאָ

צו די איבעריקע.

גייט איר אַרויס דורך די הינטערשטע טויערן, אַז דאָריאַס שפּיאָ־נען זאָלן גאָרנישט באַמערקן.

אַלע גייען אַרויס.

---

## נ ײ נ צ נ ט ע  ס צ ע נ ע

פ י ע ס ק אָ  גײט אַרום הין און צוריק פאַרטראַכט.

### פ י ע ס ק אָ

סאַר אַן אױפרודערונג אין מײן האַרצן! סאַר אַ אומפאַרשטענדלע־
כער צופלום פון געדאַנקען! גלײך װי פאַרדעכטיקע ברידער,
װעלכע גײען אַרוים אױף פינסטערע מעשים, שלײכן אױף
די שפּיצן פינגער און לאָזן די רױטפלאַמיקע געװיכטער אַראָפּ
דערשראָקן צו דער ערד, — אַזױ גנבען זיך די רײכע פאַנטאָמען
פאַרבײ מײן נשמה.—װאַרט! װאַרט! לאָזט מיר באַלײכטן אײער
געװיכט. אַ גוטער געדאַנק קרעפּטיקט דאָס האַרץ פון אַ מענטשן
און באַװײזט זיך העלדיש פאַרן טאָג. אָ! איך קען אײך! — דאָס
איז די ליװרײ פון דעם אײביקן ליגנער.—פאַרשװינדט! יעדער אַ פּויזע,
דערנאָך פיל לעבהאַפטער. דער רעפּובליקאַנער פיעסקאָ? הערצאָג
פיעסקאָ? װאַרט. דאָ איז דער שרעקלעכער אָפּגרונט, װאו עס גלי־
װערט דער מאַרך פון דער טוגנד, װאו עס גײען זיך פונאַנדער
הימל און גהינום. דאָ זײנען העלדן געשטרױכלט געװאָרן, און דאָ
זײנען העלדן געפאַלן, און די װעלט האָט זײערע נעמען באַדעקט
מיט קללות. האַסטיק. אָבער װי זײנען דאָך מײנע, די הערצער פון
געגוע. מײנע הענט פירן דאָך אַהין און אַהער די פורכטבאַרע
געגוע. אָ, די כיטרע זינד, װאָס פאַרשטעלט יעדן טײװול מיט
אַ מלאך! אומגליקלעכע תאװה צו גרױסקײט! אױראַלטער קאַמף
פאַר דער מאַכט! מלאכים האָבן פון דײן האַלדז אַראָפּגעקושט
דעם הימל, און דער טױט רײסט זיך פון דײן בױך. ציטערט פון

שוידער. דו פאַננסט מלאכים מיט דעם סירענענעוואַ:ג וועגן אומ=
שטערבלעכקייט. מענטשן כאַפּסטו אויף דער ווענטקע פון גאָלד,
ווייבער און קרוינען. נאָך אַ רגע פאַרטראַכטקייט, פעסט. אויסקעמפן
אַ קרוין איז נרוים, אָפּוואַרפן זי — איז נעמלעך, אַנטשלאָסן. גיי
אונטער, טיראַן! זיי פריי, גענוע! און איך אַראָפּגעלאָזן די שטים —
דיין גליקלעכער בירגער!

---

# דריטער אַקט

אַ שרעקליך וויסטער אָרט.

## ערשטע סצענע

ווערינאַ, בורגאָנינאָ קומען אָן אין דער נאַכט.

בורגאָנינאָ
שטעלט זיך אָפּ.

אָבער וואוהין פירסטו מיך, פּאָטער? דער פאַרשטיקטער ווייטאָג, מיט וועלכן דו האָסט מיך אַרויסגערופן, קלינגט נאָך אַלץ אין דיין אָפּגעריסענעם אָטעם. מאַך אַ סוף צו דעם שרעקלעכן שווייגן. רייד, איך גיי ניט ווייטער.

ווערינאָ
דאָס איז דער אָרט.

בורגאָנינאָ
דער שרעקלעכסטער, וואָס דו האָסט געקאָנט געפינען. פּאָטער, אויב דאָס, וואָס דו וועסט פּאָרנעמען, וועט זיין גלייך צו דעם אָרט, פּאָטער, וועלן זיך מיינע האָר אויפן קאָפּ שטעלן.

ווערינאָ
און דאָס איז נאָך בלאַנק קעגן דער נאַכט פון מיין נשמה. גיי נאָך מיר אַהין, וואו די פוילעניש פרעסט אויף די פגרים, און דער טויט פּראַוועט זיין שרעקלעכן מאָלצייט; אַהין, וואו דער קלאָג פון די פאַרלאָרענע נשמות מאַכט לוסטיק דעם טייוול און די אומ־דאַנקבאַרע טרערן פון יאָמער רינט אַרוים דורך דער דורכגעלע־כערטער זיפּ פון דער אייביקייט; אַהין, מיין זון, וואו די וועלט ענדערט איר לאָזונג, און די גאָטהייט צעברעכט איר געשטאַלט.

דאָרט וועל איך צו דיר רייִדן דורך צאַפּלעניש, און מיט ציין־
סקריִען וועסטו הערן.

**ב י ר נ אָ נ י נ אָ**

הערן? וואָס? איך באַשווער דיך!

**ו ו ע ר י נ אָ**

בחור, איך האָב מורא. בחור, דיין בלוט איז ראָזן־רויט, דיין לייב
איז ווייך און בויגעוודיק. אַזעלכע נאַטורן פילן מענטשלעך ווייך.
אָן דעם שטילן פלאַם וועט צעשמאָלצן מיין בייזע חכמה. ווען
דער פראָסט פון דער אַלטקייט אָדער די בלייערנע פיין וואָלטן
אָפּגעשטעלט דעם שפּרונג פון דיין גייסט — ווען דאָס שוואַרצע
פאַרגליווערטע בלוט פון דער לייַדנדיקער נאַטור וואָלט פאַרשפּאַרט
דעם וועג צו דיין האַרצן, — דעמאָלט וואָלסטו נאָך געווען פעיק צו
פאַרשטיין די שפּראַך פון מיין פיין און צו באַוואונדערן מיין
באַשלוס.

**ב י ר נ אָ נ י נ אָ**

איך וועל אים אויסהערן. אין ער וועט מיינער ווערן.

**ו ו ע ר י נ אָ**

ניט דאָס, מיין זון! פון דעם וועט ווערינאָ דיין האַרץ אָפּהיטן.
אָ, סציפּיאָ, שווערע לאַסטן ליגן אויף דערדאָזיקער ברוסט, אַ נע־
דאַנק, וואָס איז שרעקלעך, ווי די פינסטערע נאַכט, און קלעקט
אַ מענטשנס האַרץ צו צערייסן. דו פאַרשטייסט? איך וויל אים אַליין
פאַרווירקלעכן, אָבער טראָגן אים אַליין קאָן איך ניט. ווען איך
וואָלט זיך געהאַלטן גרויס, סציפּיאָ, וואָלט איך געקאָנט זאָגן, אַז
ס'איז אַ פּיין צו זיין דער איינציקער גרויסער מענטש. די גרויסקייט
איז דעם שעפער געפאַלן צו לאַסט, און ער האָט די גייסטער גע־
מאַכט פאַר זיינע פּאַרטרייטע... הער, סציפּיאָ! — —

**ב ו ר נ אָ נ י נ אָ**

מיין נשמה שלינגט דיינע.

וועריננאָ

הער, אָבער רייד ניט אַנטקעגן. רייד גאָרנישט, יונגער מענטש! דו הערסט? קיין וואָרט זאָלסטו אַנטקעגן ניט זאָגן. פּיעסקאָ מוז שטאַרבן!

בורגאַנינאָ

אויסער זיך.

שטאַרבן? פּיעסקאָ?

וועריננאָ

שטאַרבן! איך דאַנק דיר גאָט! ס'איז פון מיין מויל אַרויס! פּיעסקאָ מוז שטאַרבן, מיין זון, שטאַרבן דורך מיר. איצט ניי. עס זיינען פאַראַן מעשים, וואָס קאָנען דורך מענטשן ניט געאורטיילט ווערן, נאָר דער הימל קאָן זיי משפּטן, דאָס איז איינע פון דעם מין. ניי! איך וויל ניט, דו זאָלסט מיך מוסרן, ניט מסכים זיין. איך ווייס, וואָס די טאַט קאָסט מיר — און גענוג. נאָר הער... דו קענסט דאָך דערגיין ביז משוגעת, טראַכטנדיק וועגן דעם... הער... דו האָסט געכטן געזען, ווי ער האָט זיך געשפּיגלט אין אונזער פאַרוואונדערונג? דער מענטש, וואָס זיין שמייכל האָט אָפּ-גענאַרט איטאַליע, — צי וועט ער קאָנען ליידן גלייכע צו זיך אין גענוג? ניי! דעם טיראַן וועט פּיעסקאָ אַראָפּוואַרפן, דאָס איז זיכער! ער גייט שנעל אַוועק, בורגאַנינאָ קוקט אים נאָך פאַרוואונדערט און שווייגנדיק; נאָכדעם גייט ער נאָך אים אַוועק לאַנגזאַם.

---

## צווייטע סצענע

אַ זאַל בײַ פּיעסקאָ אין פּאַלאַץ. אינמיטן פון הינטערגרונד — אַ גרויסע גלעזערנע טיר, פון וועלכער עס זעט זיך דער ים און די שטאָט גענוע. באַגינענדיקע גראָקיים.

### פּיעסקאָ

פאַרן פענסטער.

וואָס איז עס? די לבנה איז פאַרגאַנגען, דער פרימאָרגן קומט פייערדיק אַרויס פונם ים. ווילדע טרוימען האָבן מיין שלאָף פאַרטריבן. מיין גאַנצער וועזן איז פאַרכאַפּט געוואָרן פון איין גע־פיל. איך דאַרף מיך אַ ביסל אָפּפרישן. ער עפנט אויף די גלעזערנע טיר. די שטאָט און דער ים פלאַמען אין פרימאָרגן־רויטקייט. פּיעסקאָ גייט אַרום מיט גרויסע טריט איבערן צימער. איך בין דער גרעסטער מענטש אין גענוע! דאַרפן זיך די קלענערע נשמות פאַרזאַמלען אַרום דער גרעסערער? אָבער איך פאַרשוועך דאָך די טוגנד! שטיים שטיל. טוגנד? דער דערהויבענער מענטש האָט אַנדערע נסיונות, ווי דער פשוטער. זאָלן זיי בײַדע אַ גלייכע טוגנד האָבן? זאָל דער פאַנצער, וואָס נעמט אַרום דעם קליינעם קערפּער פון דעם פיגמיי, פּאַסן פאַר דעם קער־פּער פון אַ ריז?

די זון גייט אויף איבער גענוע.

די דאָזיקע מאַיעסטעטישע שטאָט! אײַלנדיק צו איר מיט אָפענע אָרעמס איז מיינע! און איבער איר צו שיינען, געגליכן צו דעם קיניגלעכן טאָג, איבער איר צו וואַכן מיט מאָנאַרכישער קראַפט — אַלע קאָכיקע באַגערן, אַלע קיינמאָל ניט געזעטיקטע פאַרלאַנגען אין דעם אָפּגרונט פון איר אָקעאַן צו דערטרינקען — יאָ, אויב דעם באַטריגערס שכל

איידלט ניט דעם באַטרוג, איידלט אָבער דער פּרייז דעם באַטריגער. עס איז שענדלעך אויסצולייזיקן אַ פרעמדע קעשענע, עס איז אַ חוצפּה אָפּצונאַרן אויף אַ מיליאָן, עס איז אָבער אַ גרויסע זאַך אַוועקצוגנבענען אַ קרוין. וואָס גרעסער דער פאַרברעכן, אַלץ קלע־נער איז די זינד. פּויזע. נאָכדעם מיט אויסדרוק. אונטערטעניק זיין? הערשן? אַן אומגעהייערער, שווינדלדיקער אָפּגרונט! ליגט אין אים אַריין אַלע אוצרות, וואָס דער מענטש פאַרמאָגט. אַייערע געוואונענע מלחמות, מנצחים; קינסטלער, אייערע אומשטערבלעכע ווערק; אַייערע תענוגים, אַפּיקורסים; אַייערע ימען און אינזלען, וועלטשיפער! אונ־טערטעניק זיין און הערשן! זיין און ניט זיין! סיידן ווער עס איז אַריבער דעם טיפן אָפּגרונט פון דעם לעצטן שרף ביז דעם אינ־סופיקן, יענער וועט אויף דעם דאָזיקן שפּרונג קענען אויסמעסטן. פרייעלעך. צו שטיין אויף יענער שרעקלעך דערהייבענער הויך — אַראָפּצוקוקן אין דעם קאָכעדיקן געווירבל פון דער מענטשהייט, וואו די ראָד פון דער בלינדער באַטריגערין שליידערט אום מיט פאַלשקייט די מזלות—דער ערשטער צוליינגן דעם מויל צום בעכער פון פרייד. אויפן ציימל אַראָפּצוזעצן נידעריק דעם געפּאַנצערטן ריז געזעץ — צו זען, ווי ער ווערט געשלאָגן מיט אומגעהיילטע וואונדן, ווען זיין קורץ־הענטיקער צאָרן קלאַפּט אָן כוחות אין די טירן פון דער מאַיעסטעט. די שטורעמדיקע ליידנשאַפטן פון פאָלק, גלייך ווי די ווילדע פערד, צו באַצווינגען מיט דעם לייכטן שפּיל פון ציימל—דעם שטאָלץ פון די וואַסאַלן מיט איין—איין צי פון אָטעם צו פאַרוואַנדלען אין שטויב, בשעת דער שעפּערישער מצעפּ־טער פאַרוואַנדלט אין לעבן אַפילו די חלומות פון דעם פירשט־לעכן פיבער. אָ, סאַר אַ בילדער, זיי פאַרטראָגן דעם גייסט וויטער פאַר זיינע גרעניצן. איין אויגנבליק פון פירשטלעכער מאַכט האָט איינגעשלונגען דאָס גאַנצע לעבן. ניט דער פּלאַץ, וואו דאָס לעבן טומלט זיך, נאָר זיין אינהאַלט באַשטימט זיין ווערט. נעם פונאַנ־דער דעם דונער אויף איינציקע קלאַנגען, קענסטו מיט זיי קינדער פאַרנאַרן צום שלאָף. שמעלץ זיי צונויף אין גרויסן שאַלן—וועט דער קיניגלעכער קלאַנג צעטרייסלען דעם אייביקן הימל. — איך בין אַנטשלאָסן! גייט אַרום העראַיש הין און צוריק.

## דריטע סצענע

פאַריקער. לעאָנאָרע. קומט אַריין מיט קענטיקער מורא.

לעאָנאָרע.

אַנטשולדיקט מיר, גראַף! איך האָב מורא, אפשר שטער איך אייער פרימאָרגנדיקע רו.

פיעסקאָ

טרעט אָפּ זייער פאַרוואונדערט אויף צוריק.

גערוים, גנעדיקע פרוי, איר איבערראַשט מיך זייער.

לעאָנאָרע

דאָס טרעפט קיינמאָל ניט בלויז ביי די, וואָס ליבן.

פיעסקאָ

שיינע גרעפין, איר פטרט אייער שיינקייט אויף דעם שעדלעכן אָטעם פון באַגינען.

לעאָנאָרע

איך וויים אָבער אויך ניט, צוליב וואָס זאָל איך אירע קנאַפּע רעשטלעך פאַרהיטן אויף צרות.

פיעסקאָ

צרות, מיין ליבע! איך האָב ביז אַהער געמיינט, אַז ניט וועלן אומוואַרפן מלוכות, הייסט רויִקייט פון גייסט.

לעאָנאָרע

אפשר. אָבער איך פיל, אַז מיין פרויענהאַרץ ווערט פון דעררדאָזיקער רויִקייט צעבראָכן. איך בין נעקומען. מיין האַר, צו באַ-

לאַמטיקן אַייך מיט אַ קליינער בקשה, אויב איר קענט מיר שענקען אַ ביסל צייט. שוין זיבן חדשים חלומט זיך מיר דער משונהדיי־קער חלום, אַז איך בין גרעפין לאַוואַניאַ. איצט איז ער פאַר־שוואונדן. דער קאָפּ טוט מיר דערפון וויי. איך וועל מוזן צוריק אַרויסרופן דעם גאַנצן תּענוג פון מיין אומשולדיקער קינדהייט, כּדי אויסצוהיילן מיין דמיון פון דעמדאָזיקן לעבעדיקן געשפּענסט. דער־לויבט־זשע מיר צוריק אומצוקערן זיך אין די אָרעמס פון מיין מוטער.

## פ י ע ס ק אָ

שטאַרק אויפגער זיך.

גרעפין!

## ל ע אָ נ אָ ר ע

מיין האַרץ איז שוואַך און פאַרצערטלט, איר מוזט אויף דעם רחמנות האָבן. די קלענסטע סימנים פון דעם חלום קאָנען ברענ־נען שאָדן מיין קראַנקן דמיון. איך קער דעריבער אום די לעצטע איבערגעבליבענע ערבות צוריק צו זייער באַזיצער. לייגט אַוועק עפּלעכע פייערע קליינינקייטן אויפן טישל. אָט איז אויך דער קינזשאַל, וואָס האָט מיין האַרץ דורכגעשטאָכן. לייגט זיינע ליבע־בריוו. אויך דאָס — און אויפן קול פונאַנדערגעווייינט זיך, וויל אַרויסלויפן נאָרנישט איבערגעלאָזן זיך, חוץ די וואונד...

## פ י ע ס ק אָ

שטאַרק צערודערט, אַיילט נאָך איר, שטעלט זי אָפּ.

לעאָנאָרע! וואָס טוסטו? אום גאָטעס ווילן!

## ל ע אָ נ אָ ר ע

פאַלט אָן כּוח אין זיינע הענט.

איך האָב ניט פאַרדינט צו זיין אַייער פרוי, אָבער אַייער פרוי פאַרדינט אַכטונג. ווי זיי שמוצערן איצט, די בייזע צינגער. ווי זיי קוקן איצט אויף מיר מיט פאַראַכטונג, די ווייבער און די מיידלעך פון געגנט. „זעט, ווי זי בליט אָפּ, די שטאָלצע, וואָס האָט חתונה געהאַט מיט פיעסקאָ". אַ שרעקלעכע שטראָף פאַר מיין ווייבלעכן שטאָלץ. איך האָב פאַראַכט מיין גאַנצן געשלעכט, ווען פיעסקאָ האָט מיך געפירט צו דער חופּה.

פ י ע ס ק אָ

ניין, מאַדאָנע, דיראָזיקע סצענע איז באמת אַ מאָדנע.

ל ע אָ נ אָ ר ע

פֿאַר זיך.

אָ, אָט אַזוי. ער ווערט בלאַס און רויט. איצט בין איך מוטיק.

פ י ע ס ק אָ

בלויז נאָך צוויי טעג, גרעפין, נאָכדעם וועט איר מיך משפטן.

ל ע אָ נ אָ ר ע

פֿאַר אַ קרבן געבראַכט! — לאָז מיך עס פֿאַר דיר ניט אַרויס־ריידן, פֿרימאָרגן־ליכט — געבראַכט פֿאַר אַ קרבן צו אַ זונה! ניין. מוט אויף מיר אַ בליק, מיין מאַן! יאָ, די אויגן, וועלכע האָבן גאַנץ געגוע נעמאַכט ציטערן, דאַרפֿן זיך איצט אַראָפּלאָזן פֿאַר די טרערן פֿון אַ פֿרוי.

פ י ע ס ק אָ

שרעקלעך צעמישט.

רעדט ניט מער, סיניאָרע, קיין וואָרט ניט מער.

ל ע אָ נ אָ ר ע

מיט ווייטאָג און אַ ביסל פֿאַרביטערט.

אַ שוואַך ווייבעריש האַרץ צערייסן — דאָס איז אַזאַ כבוד פֿאַרן שטאַרקן געשלעכט. איך האָב מיך געוואָרפֿן אין די אָרעמס פֿון דעם מענטשן. אַלע מיינע ווייבערשע שוואַכקייטן האָבן זיך מיט תּענוג געטוליעט צו דעם דאָזיקן שטאַרקן. איך האָב אים אָפּגע־געבן מיין גאַנצן הימל, און דערדאָזיקער גרויסמוטיקער מענטש האָט אים אַוועקגעשענקט צו אַ...

פ י ע ס ק אָ

רייסט איר האַסטיק איבער די רייד.

מיין לעאָנאָרע, ניין!

ל ע אָ נ אָ ר ע

מיין לעאָנאָרע? אַ דאַנק דיר, גאָט! דאָס איז ווידער אַמאָל געווען דער אמתער נאָלדענער קלאַנג פֿון ליבע. האַסן וואָלט איך דיך

באַדאַרפֿט, פֿאַלשער מענטש, נאָר איך וואַרף מיך הונגעריק אויף די ברעקלעך פֿון דיין צערטלעכקייט. — האַסן? איך האָב געזאָגט האַסן, פּיעסקאָן? אָ, גלויב ניט! שטאַרבן וועט מיך אויסלערנען דיין פֿאַלשקייט, אָבער ניט האַסן. מיין האַרץ איז אָפּגעגאַרט.
עס הערט זיך דעם מורינס קול.

פּ י ע ס ק אָ

לעאָנאָרע! דערפֿיל מיר אַ קליינע, קינדישע בקשה.

ל ע אָ נ אָ ר ע

אַלץ, פּיעסקאָ, נאָר ניט גלייכגילטיקייט.

פּ י ע ס ק אָ

וואָס איר ווילט, ווי איר ווילט. באַדייטנד. פֿרענט מיך גאָרנישט, ביז נענוע וועט עלטער ווערן מיט צוויי טעג. פֿאַראַרטיילט מיך ניט. פֿירט זי מיט אַכטונג אַרויס אין אַ צווייטן חדר.

## פערטע סצענע

מורין, פּאַרסאָפּעט, פּיעסקאָ.

פּיעסקאָ

פונוואַנען אַזוי פּאַרסאָפּעט?

מורין

געשווינט, גנעדיקער האַר.

פּיעסקאָ

איז עפּעס אַריינגעפּאַלן אין דיין נעץ?

מורין

לייענט איבער דעם בריוו! בין איך דען באמת דאָ? מיר דאַכט זיך, גענוע איז אויף צוועלף גאַסן קירצער געוואָרן, אָדער מיינע פיס זיינען אויף צוויי פיל געוואָרן לענגער. איר זייט בלייך גע־וואָרן? יאָ, אויף קעפּ ווערט איר שפּילן, און אייערע שטייט שוין אין קאָן. ווי געפעלט עס אייך?

פּיעסקאָ

וואַרפט אַ צערודערטער דעם בריוו אויפן טיש.

נעקרויזטער קאָפּ פון צען טייוואָלים! ווי קומט צו דיר דערדאָזי־קער בריוו?

מורין

אומגעפער אַזוי, ווי די רעפּובליק צו אייער גענאַ. אַ שליח מיוחד האָט דערמיט געוואָלט פליען קיין לעוואַנטאָ. איך האָב עס דער־שמעקט און אָפּגעהיט דעם יונג צווישן די בערג. באַך! דער טבויר איז געפאַלן, די הון איז אונזערע.

פ י ע ס ק אָ

אויף דיין קאָפּ פאַלט זיין בלוט. פאַר דעם בריוו איז ניט צו באַצאָלן מיט גאָלד.

מ ו ר י ן

איך וועל פאַר ווילבער אויך באַדאַנקען, מיט ערנסטקייט און חשיבות. גראַף לאַוואַניאַ! מיר האָט זיך אַמאָל געלוסט אייער קאָפּ. אָנווייזנדיק אויפן בריוו. דערמיט קער איך אים אייך ווידער. איצט, מיין איך, ווינען דער גנעדיקער האַר און דער אויסוואורף קוויט. פאַר דאָס ווייטערדיקע וועט איר שוין דאַרפן דאַנקען אַ גוטן פריינט. דערלאַנגט אים אַ צווייטן צעטל. דאָס איז נומער צוויי.

פ י ע ס ק אָ

נעמט דאָס פּאַפּיר אַ פאַרוואונדערטער.

דו ביסט פון זינען אַראָפּ?

מ ו ר י ן

נומער צוויי. ער שטעלט זיך מיט גאווה לעבן אים, די הענט אין די באַקעס. דער לייב האָט זיך גאָר ניט אַזוי באַנאַרישט, וואָס ער האָט מוחל געווען דער מויז. כיטרע. געלט! ער האָט געטאָן קלוג, וואָרעם ווער וואָלט אים איצט אַרויסגעגריזשעט פון דער נעץ! נו? ווי געפעלט אייך דאָס?

פ י ע ס ק אָ

הער נאַר, דו! וויפיל טייוואָלים דינען דיר?

מ ו ר י ן

צו אייער דינסט גרייט — נאָר איינער, און דער איז ביים גראַף אויף קעסט.

פ י ע ס ק אָ

דאָריאַס אייגענע אונטערשריפט. וואו האָסטו דעמדראָזיקן פּאַפּיר באַקומען?

מ ו ר י ן

נאָך וואַרימערהייט פון די הענט פון מיין באָנאָני. איך בין נאָך נעכטן אויף דער נאַכט אַהין אַוועק, געלאָזן דאָרט הערן אַייערע שיינע

ווערטער און אַייערע נאָך שענערע צעכינען. די לעצטע האָבן גע־נומען. מען האָט מיר געהייסן קומען אינדערפרי פאַר זעקס דעם זייגער. דער גראַף איז דאָרט ווירקלעך געווען, ווי ער האָט גע־זאָגט, און האָט מיט שוואַרץ און ווייס באַצאָלט פאַר דעם וועג צו אַ קאָנטראַבאַנדענער הימלשער מלוכה.

פ י ע ס ק אָ

אויפגעבראַכט.

נישטיקע קנעכט פון די ווייבער! רעפּובליקן ווילט איר אומוואַרפן, און קענט פאַר אַ וונה ניט שווייגן. איך זע פון דידאָזיקע פּאַפּירן, אַז דאָריאַ און זיינע אָנהענגער האָבן געמאַכט אַ קאָמפּלאָט צו טויטן מיך און נאָך עלף סענאַטאָרן, און דזשיאַנעטינאָן מאַכן פאַר אַן אומאָפּהענגיקן הערצאָג.

מ ו ר י ן

ניט אַנדערש. און דאָס שוין אין דעם פרימאָרגן, ווען ס'וועט גע־ווײלט ווערן אַ דאָזש, דעם דריטן אין דעם חודש.

פ י ע ס ק אָ

האַסטיק.

אונזער שטורעמדיקע נאַכט זאָל דעמדאָזיקן פרימאָרגן דערשטיקן אין זיין מוטערס בויך. געשווינט, האַסאַן! מיינע פּלענער זיינען רייף. רוף דיינע איבעריקע. מיר דאַרפן איבעריאָגן נאָר אויף איין בלוטיקן שפרונג. אַייל זיך, האַסאַן!

מ ו ר י ן

איך מוז נאָך פאַר אַייך אויסליידיקן מיין זאַק מיט נייעס. צוויי טויזנט מאַן זיינען גליקלעך אַריין אין שטאָט. איך האָב זיי באַ־זעצט ביי די קאַפּוצינער, וואו עס וועט זיי ניט אויסשפּיאָנירן קיין זונענשטראַל. זיי פלאַמען פון אומגעדולד צו זען זייער האַר, און אַלע זיינען וואוילע יונגען.

פ י ע ס ק אָ

פון יעדן קאָפּ זאָל פאַר דיר אויסוואַקסן אַ סקודי. וואָס רעדט געגוע וועגן מיינע גאַלעריעס?

מורין

דאָס איז די שענסטע זאַך, גנעדיקער האַר! איבער פירהונדערט אַוואַנטוריסטן, וואָס דער שלום צווישן פראַנקרייך און שפּאַניע האָט זיי אַוועקגעוועצט אויפן זאַמד, האָבן זיך געווענדט צו מיינע לייט מיט אַ בקשה, מען זאָל אייך אַ גוט וואָרט זאָגן וועגן זיי, כדי איר זאָלט זיי שיקן אַנטקעגן די אומגלויביקע. איך האָב זיי געהייסן פאַרזאַמלען זיך אין אָוונט אין הויף פון אייער שלאָס.

פּיעסקאָ

פרייליך.

באַלד וועל איך דיר נאָר פאַלן אויפן האַלז, אויסוואורף. אַ קונציקע זאַך. פירהונדערט, זאָגסטו? איצט וועט זיך גענוג שוין ניט ראַטעווען. פירהונדערט סקודי האָסטו.

מורין

פרייהאַרציק.

געלט, פּיעסקאָ? מירביידע וועלן גענוג אַזוי איבערדרייען, אַז מען וועט נאָכדעם די געזעצן קענען אויסקערן מיט אַ בעזעם. דאָס האָב איך אייך קיינמאָל ניט געזאָגט, אַז איך האָב אין הינן גאַרניזאָן מיינע פייגל, אין וועלכע איך בין זיכער, ווי אין מיין נסיעה אין גהינום אַריין. האָב איך אַזוי אַיינגעאָרדנט, אַז ביי יעדן טויער זאָלן מיר אין דער וואַך האָבן לפּחות זעקס אונזערע מענטשן, וועלכע וועלן די איבעריקע קאָנען פאַררייידן די ציין און אין ווייַן דערטרינקען זייערע פינף חושים. איז אויב איר האָט חשק היינטיקע נאַכט עפּעס צו וואַגן, וועט איר די וואַך געפינען אַ שיכורע.

פּיעסקאָ

רייד מער נאָרנישט. ביז היינט האָב איך דעם אומגעהייערן שטיין געקייקלט אָן הילף פון מענטשן. און איצט סאַמע ביי מיין ציל זאָל מיך דער ערגסטער פון די מענטשן פאַרשעמען? גיב די האַנט, בחור! וואָס דער גראַף וועט דיר שולדיק בלייבן, דאָס וועט דיר דער הערצאָג דערצאָלן.

מורין

און אָט איז נאָך אַ צעטעלע פון דער גרעפין אימפּעריאַלי. זי האָט

מיר אַראָפּגעוואונקען אין גאַס, איך זאָל צו איר אַרויף, זי איז געווען זייער גנעדיק, האָט מיך געפרעגט מיט שפּאַס, צי האָט די גרע-פין לאַוואַניאַ ניט באַקומען געלבזוכט. „אייער גנעדיקייט, — האָב איך געזאָגט, — פרעגט מער ניט, ווי ווענן געזונט, — האָב איך געזאַנט...

**פּיעסקאָ**

איבערגעלייענס דאָס צעטעלע און אַוועקגעוואָרפן.

זייער גוט געזאָגט. זי האָט געענטפערט?

**מורין**

געענטפערט: זי באַדויערט פונדעסטוועגן דעם גורל פון דער אָרע-מער אלמנה. זי האָט אויך פאָרגעלייגט צו באַפרידיקן זי, און אַייך פאַרבאָטן אויף ווייטער שרכענען זיך צו איר.

**פּיעסקאָ**

שפּאָטיש.

וואָס עס וואָלט זיך געוואָלט אָפּלייגן ביז משיח וועט קומען. דאָס איז אינגאַנצן, האַפּאַן?

**מורין**

בייז.

גנעדיקער האַר, ווייבערשע עסקים גייען טריט נאָך טריט די פּאָליטישע.

**פּיעסקאָ**

געווים, און דערהויפּט די. אָבער וואָס איז עס ביי דיר פאַר אַ פּאַפּירל?

**מורין**

איין טייוולשטיק שלעפּט אַרום אַ צווייטע. דיזאָזיקע פּראָשקעס האָט מיר די סיניאָרע געגעבן, איך זאָל אַלע טאָג איין שטיק אַריינמישן אין אייער ווייבס שאָקאָלאַד.

**פּיעסקאָ**

פרעס אַ בלאַסער אָפּ אויף צוריק.

האָט דיר געגעבן?

מורין

דאָנאַ יוליע, גרעפין אימפעריאַלי.

פיעסקאָ

רייסט די פּראָשקעס בײַ אים אַרויס, מיט כּעס.

אויב דו לייגסט, קאַנאַליע, וועל איך דיך לעבעדיקערהייט צושמידן צו דעם לופט־האָן פון דעם טורעם פון לאָרענצאָ, וואו דער ווינט וועט דיך אין איין רגע ניין מאָל אַרומדרייען אַרום און אַרום. די פּראָשקעס?...

מורין

אומגעדולדיק.

זאָל איך אַייער ווייב געבן טרינקען אין שאָקאָלאַד, האָט פאַר־אָרדנט דאָנאַ יוליע אימפעריאַלי.

פיעסקאָ

אויסער זיך.

אומגעהייער, אומגעהייער! דערדראָזיקער רייַנער נשמה? האָט אַזוי פיל גהינום־שלעכטס אָרט אין דער נשמה פון אַ פרוי? נאָר איך האָב פאַרגעסן צו דאַנקען דיר, השגחה פון הימל, וואָס דו האָסט דערצו ניט דערלאָזן, ניט דערלאָזן דורך אַן ערגערן טייוול. דיינע וועגן זיינען אומבאַגרייפלעך. צום מורין. דו זאָגסט צו — פאָלגן און שווייגן?

מורין

זייער גוט. דאָס לעצטע קאָן איך, זי האָט מיר שוין מיט מזומן דערפאַר באַצאָלט.

פיעסקאָ

דערדראָזיקער בריוו לאַדט מיך איין צו איר. איך וועל קומען, מאַ־דאַם! איך וועל אייך פאַררייַדן, ביז איר וועט אַהער קומען. גוט. איצט אַייל זיך אַזוי שנעל, ווי דו קענסט, און רוף צונויף אַלע פאַרשווערער.

מורין

דעם באַפעל האָב איך נאָך פריער דערשמעקט און האָב באַשטעלט, זיי זאָלן קומען אַהער פּונקט צען דעם ווייַנער.

## פּיעסקאָ

איך העד טריט. דאָס זיינען זיי. הער, יונג, דו פּאַרדינסט זיך אינ־גאַנצן אַן אייגענע תליה, אויף וועלכער קיין בן־אדם האָט זיך נאָך ניט נעצאַפּלט. גיי אין פּאָדערצימער, ביז איך וועל דיך רופן.

## מורין

אַרויסגייענדיק.

דער מורין האָט זיין אַרבעט אָפּגעטאָן, דער מורין קאָן שוין גיין גייט אַוועק.

---

# פינפטע סצענע

אַלע פאַרשוואַרענע

**פיעסקאַ**

באַגיגנט זיי.

באַלד וועט זיין אַ שטורעם. במאַרעם קלייבן זיך. נייט שטילער! פאַרמאַכט אויףביידע שלעסער!

**וועריגאַ**

אַכט צימערן האָב איך צוגערינגלט הינטער אונז. אויף הונדערט טריט קאָן זיך צו אונז קיין חשד ניט דערנעענטערן.

**בורגאָנינאַ**

דאָ זיינען ניט קיין פאַררעטער, סיידן אונזער מורא וועט אונז פאַרראַטן.

**פיעסקאַ**

די מורא קאָן מיין שוועל ניט אַריבערטרעטן. ברוכים הבאים, די וואָס זיינען נאָך ווי נעכטן. פאַרנעמט אייערע ערטער. אַלע זעצן זיך.

**בורגאָנינאַ**

שפּאַצירט איבערן צימער

איך האָב ניט ליב צו זיצן, ווען איך טראַכט וועגן פאַרדאַרבן.

**פיעסקאַ**

גענועזער! דאָס איז אַ וועלטענע שעה!

**וועריגאַ**

דו האָסט געפאָדערט, מיר זאָלן צוטראַכטן אַ פּלאַן, ווי צו טויטן

דעם טראַן. פרעג אונז, מיר זיינען געקומען אַהער געבן דיר אַן ענטפער.

פּיעסקאָ

אַלזאָ, פריער פאַר אַלץ — אַ פראַגע, הגם געננג אַ פאַרשפּעטיקטע, כּדי צו זאָל קלינגען משונה — ווער זאָל פאַלן?

אַלע שווייגן.

בּורגאָנינאָ

אָנשפּאַרנדיק זיך אָן פּיעסקאָס שטול, באַדייטנד.

די טיראַנען.

פּיעסקאָ

גוט געזאָגט — די טיראַנען! איך בעט נאָר, נעמט זיך גוט איין זינען אַריין די באַדייטונג פונם דאָזיקן וואָרט. ווער איז מער טיראַן? — דער וואָס מאַכט דעם אָנשטעל, אָדער דער וואָס האָט די מאַכט, די פרייהייט צו צעשטערן?

ווערינאָ

איך פאַרהאַס דעם ערשטן, איך האָב מורא פאַרן צווייטן. אַנדרעאַס דאָריאַ זאָל פאַלן.

קאַלקאַניאָ

קומט אין באַוועגונג.

אַנדרעאַס, דער אָפּגעלעבטער אַנדרעאַס, וואָס זיינע רעכענונגען מיט לעבן וועלן זיך אפשר איבערמאָרגן פאַרענדיקן?

סאַקאָ

אַנדרעאַס — דער שטילער זקן?

פּיעסקאָ

די שטילקייט פון דעמדאָזיקן זקן איז אַ שרעקלעכע, מיין סאַקאָ! דזשיאַנעטינאָס נאַרישע חוצפּה איז נאָר לעכערלעך. אַנדרעאַס דאָריאַ דאַרף פאַלן. דאָס רעדט אַזוי דיין חכמה, ווערינאָ!

בּורגאָנינאָ

קייטן פון שטאָל, אָדער פון זייד — אַלץ איינס קייטן, און אַנדרעאַס דאָריאַ זאָל פאַלן.

פ י ע ס ק אָ

צוגייענדיק צום טיש.

בכן איז דער שטעקן געבראָכן איבער דעם פעטער און דעם פלי־מעניק. חתמעט אונטער. אַלע שרייבן זיך אונטער. די פראַגע „ווער?" איז פאַרענטפערט. אַלע זעצן זיך ווידער. איצט די פונקט אַזוי וויכ־טיקע פראַגע „ווי?" זאָגט איר דער ערשטער, פריינד קאַלקאַניאַ!

ק אַ ל ק אַ נ י אָ

מיר קאָנען עס אויספירן ווי ס אָ ל ד אַ ט ן, אָדער ווי ר ו צ ח י ם. דאָ ס ע ר ש ט ע א י ז נ ע פ ע ר ל ע ך, ווייל דאָס וואָלט אונז גע־צוואונגען צו האָבן אַ פולע אָנמיילנעמער, און ר י ז י ק אַ ל י ש, ווייל די הערצער פון דער נאַציע זיינע נאָך ניט איינגאַנצן אונזערע. פאַר דעם צווייטן פאַל וועלן קלעקן פינף גוטע קינזשאַלן. אין דריי־טענ אַרום קומט פאָר די גרויסע מעסע אין דער לאָרענצאָ־קירך, ביידע דאָריאַס זיינען דאָרט אַלע מאָל דערביי. אין דער אָנוועזנ־הייט פון דעם אייבערשטן ווערט אויך די מורא פון די טיראַנען איינגעשלאָפן. איך האָב אַלץ געזאָגט.

פ י ע ס ק אָ

קערט זיך אָפּ.

קאַלקאַניאָ, אַייער קלוגע מיינונג איז אומווערדיק.—ראַפאַעל סאַקאָ?

ס אַ ק אָ

קאַלקאַניאָס טעמים נעפעלן מיר, זיין אויסוואַל—ווארפט אַן אימה. בעסער זאָל פיעסקאָ דעם פעטער מיט דעם פלימעניק איינלאַדן אויף אַ מאָלצייט, און אין דער קלעם פון דעם גאַנצן צאָרן פון דער רעפּובליק, וועלן זיי דעמאָלט האָבן די ברירה צו פאַרזוכן דעם טויט אָדער פון אונזערע קינזשאַלן, אָדער אויסצוטרינקען אים פון אַ גלאָז גוטן ציפּרירער וויין. דער מיטל איז לפּחות אַ בעק־וועמער.

פ י ע ס ק אָ

אויסער זיך.

סאַקאָ, און אויב דער טראָפּן וויין, וואָס זייער גליווערנדיקער צונג וועט פאַרזוכן, וועט ווערן פאַרוואַנדלט אין זידנדיקן פעך, דעם

פאָר־טעם פון גהינום, — וואָס דעמאָלט, סאַקאָ? אַוועק מיט דערדראָזיקער עצה. רייד דו, ווערינאָ!

ווערינאָ

אַן אָפן האַרץ באַווייזט אָפן דעם פּנים. אַ רציחה פון הינטן אַרום מאַכט אונז פאַר חברים מיט יעדער באַנדיט. דער שווערד אין האַנט — דאָס איז דער סימן פון דעם העלד. מיין מיינונג איז, אַז מיר גיבן הויך דעם סיגנאַל צום אויפשטאַנד, און רופן הויך צונויף די פּאַטריאָטן פון גענוע צו נקמה. ער הויבט זיך שנעל אויף פון שטול, די איבעריקע נאָך אים. בורגאָנינאָ פאַלט אים אויפן האַלדז.

בורגאָנינאָ

און צווינגען מיט באַוואָפנטער האַנט די הצלחה, זי זאָל אונז באַגליקן. דאָס איז די שטימע פון דער ערע און מיין שטימע.

פיעסקאָ

און מיינע. טפוי, גענועזער! צו קאַלקאַניאָ און סאַקאָ. די הצלחה האָט שוין פאַר אונז ביז איצט צופיל געאַרבעט, מיר דאַרפן אַליין אויך עפּעס טאָן. אַלזאָ, אַן אויפשטאַנד, און נאָך היינטיקע נאַכט, גענועזער! ווערינאָ, בורגאָנינאָ פאַרוואונדערן זיך, די איבעריקע דערשרעקן זיך.

קאַלקאַניאָ

וואָס? נאָך היינטיקע נאַכט? די טיראַנען זיינען נאָך צו מעכטיק, אונזערע אָנהענגער — צו ווייניק.

סאַקאָ

נאָך היינטיקע נאַכט? ס'איז נאָך גאָרנישט געטאָן געוואָרן, און די זון גייט שוין אַרונטער.

פיעסקאָ

אייערע ספקות האָבן אַ גרונט, אָבער לייענט דורך דידאָזיקע פּאַפּירן. ער דערלאַנגט דושיאַנעטינאָס כתבים, און בשעת זיי לייענען מיט ניינעריקייט, גייט ער מיט אַן אויסדרוק פון שפּאָט אַרום הין און צוריק איבערן צימער. איצט, גיי געזונט, דאָריאַ, שיינער שטערן. שטאָלץ און גאַווהדיק ביסטו דאָ געשטאַנען, גלייך ווי דו וואָלסט דעם האָריזאָנט פון

גענוג אָפּגעדוונגען. און די האָסט דאָך געזען, אַז אויך די זון טרעט אָפּ פון הימל און טיילט דעם סצעפּטער פון דער וועלט מיט דער לבנה. גיי געזונט, דאַריאַ, שיינער שטערן!

אויף פּאַטראָקלעס איז געשטאָרבן —
כאָטש מער געווען, ווי דו

בורגאָנינאָ

נאָכדעם, ווי זיי האָבן איבערגעלעזן די פּאַפּירן.

דאָס איז שרעקלעך!

קאַלקאַניאָ

צוועלף מיט איין שאָס!

ווערינאָ

מאָרגן אין דער סינאָריע!

בורגאָנינאָ

גיט מיר די רשימה! איך וועל דורכרייטן דורך גענוע און האַלטן זי אַזוי, ווען די שטיינער הינטער מיר שפּרינגען, און די הענט וועלן הײַלן, פאָדערנדיק נקמה!

אַלע

נקמה! נקמה! נקמה! היינטיקע נאַכט נאָך!

פּיעסקאָ

איצט זייט איר אַזעלכע, ווי איר וואָלט שוין לאַנג באַדאַרפט צו זיין. ווי ס׳וועט נאָר ווערן אָוונט, וועל איך תיכף אײַנלאַדן די פּאָרנעמסטע פון די אומצופרידענע אויף אַ שמחה, דהיינו, די אַלע, וואָס שטייען אויף דושיאַנעטינאָס מאָרדצעטל, און חוץ זיי נאָך סאַולי, זשענטילי, וויוואַלדי און וועסאָדימאַרי, אַלע בלוטיקע שונאים פון דאָריאַס משפּחה, וואָס דער רוצח האָט פאַרגעסן פאַר זיי מורא צו האָבן. זיי וועלן מיין פּלאַן אויפכאַפּן מיט אָפענע אָרעמס, אין דעריין בין איך ניט מסופּק

בורגאָנינאָ

אין דעם בין איך ניט מסופּק.

פ י ע ס ק אָ

קודם־כל מוזן מיר זיך פאַרזיכערן מצד דעם ים. נאַלערעס און שיפלייט האָב איך. דאָריאַס צוואַנציק שיפן זיינען ניט צוגעריכט, אָן מענטשן, זיי איז לייכט צו פאַרכאַפּן. דער אויסגוס פון דער דאַרסענאַ וועט זיין פאַרשטאָפּט, אַלע האָפּענונגען צו אַנטלויפן — אָפּגעשניטן. האָבן מיר אין אונזערע הענט דעם האַפן—איז גענוע געשמידט אין קייטן.

וו ע ר י נ אָ

אַוודאי.

פ י ע ס ק אָ

דאַן וועלן ווערן פאַרנומען די פעסטונגען פון דער שטאָט און באַזעצט מיט אונזערע מענטשן. דער וויכטיקסטער אָרט איז דער טאָמאַס־טויער, וואָס פירט צו האַפן און וועט פאַרבינדן אונזער מאַכט אויפן ים און אויף דער יבשה. אויףביידע דאָריאַס וועט מען אָנפאַלן אין זייערע פּאַלאַצן, טויטן. אין אַלע גאַסן וועט מען אויפהייבן אַ טומל, מען וועט קלינגען אין שטורעמגלאָקן, אַרויסרופן די בירגער, זיי זאָלן צושטיין צו אונז און קעמפן פאַר דער פרייהייט פון גענוע. וועט אונז דאָ אָפּשפּילן דאָס גליק—וועט איר דערמאָלט דאָס איבעריקע הערן אין דער סינאָריע.

וו ע ר י נ אָ

דער פּלאַן איז אַ גוטער. לאָמיר דען, ווי וועלן מיר פאַרטיילן די ראָלן.

פ י ע ס ק אָ

(באַדייטנד)

גענועזער! איר האָט מיך פרייוויליק געשטעלט אין דער שפּיץ פון דער פאַרשווערונג. וועט איר אויך ווייטער פאָלגן מיינע באַפעלן?

וו ע ר י נ אָ

אויף וויפיל זיי וועלן מסתמא זיין די בעסטע.

פ י ע ס ק אָ

איז דיר באַקאַנט דאָס ווערטל, וואָס מען זאָגט אונטער דער פאָן?— גענועזער, זאָגט איר אים — דאָס איז ד י ס צ י פּ ל י ן! אויב איך

קאָן דידאָזיקע קעפּ ניט דרייען, ווי איך וויל, — פֿאַרשטייט מיך גוט — אויב איך בין ניט דער הערשער פֿון דער פֿאַרשוועררונג, דאַן האָט זי פֿאַרלאָרן איינעם פֿון אירע מיטגלידער.

ווערינאָ

פֿאַר אַ פּריוו לעבן איז כּדאי צו צאָלן מיט אַ פּאָר שעה קנעכטשאַפֿט. מיר פֿאָלגן.

פֿיעסקאָ

טאָ פֿאַרלאָזט מיך איצט. איינער פֿון אײַך זאָל באַזוכן די שטאָט און צושטעלן מיר אַ ראַפּאָרט וועגן די שטאַרקע און שוואַכע ערטער פֿון די שטאָט-פֿעסטונגען; אַ צווייטער זאָל דערגיין די פּאַראָל, אַ דריטער זאָל אויסשטעלן די מענטשן אויף די גאַלערעס. אַ פֿערטער זאָל די צווייטויזנט מאַן ברענגען אין הויף פֿון מײַן שלאָס, איך אַליין וועל אינאָוונט אַלץ באַטראַכטן, און חוץ דעם, אויב עס וועט אָפּגילטן, וועל איך כאַפּן דאָס גרויסע געווינס. פּונקט נײַן דעם זייגער זיינען אַלע אין שלאָס, כּדי אויסצוהערן מײַנע לעצטע באַפֿעלן. קלינגט אָן.

ווערינאָ

איך נעם דעם האַפֿן אויף זיך. גייט אַוועק.

בורגאָנינאָ

איך—די סאָלדאַטן. גייט אַוועק.

קאַלקאַניאָ

די פּאַראָל וועל איך דערגיין. גייט אַוועק.

סאַקאָ

איך וועל גיין אויף דער וואַך איבער גענוע. גייט אַוועק.

---

# זעקסטע סצענע

פ י ע ס ק אָ נאָכדעם דער מ ו ר י ן.

פ י ע ס ק אָ

האָט זיך געזעצט ביי אַ שרייבטיש און שרייבט.

זיי האָבן זיך אויף דעם וואָרט דיסציפּלין ניט געצאַפּלט, פּונקט ווי דאָס ווערעמל אויף אַ נאָדל? אָבער צו שפּעט שוין, רעפּובלי-קאַנער!

מ ו ר י ן

גייט אַריין.

גנעדיקער האַר!

פ י ע ס ק אָ

שטייט אויף, דערלאַנגט אים אַ צעטל.

אַלע, וואָס זיינען פאַרשריבן אויף דעם צעטל, לאַדסטו איין אויף אַ ק אָ מ ע ד י ע היינטיקע נאַכט.

מ ו ר י ן

כדי אַליין צו שפּילן אין איר, פאַרשטייט זיך... דאָס אַריינ:יין וועט קאָסטן די האַלדז.

פ י ע ס ק אָ

פרעמד און מיט פאַראַכטונג.

און ווען דאָס וועט זיין אָפּגעטאָן, וויל איך דיך מער אין גענוע ניט פאַרהאַלטן. ער גייט צום טיר און לאָזט הינטער זיך פאַלן אַ בייטל מיט גאָלד. דאָס איז דיין לעצטע אַרבעט. גייט אַרויס.

# זיבעטע סצענע

מורין. הייבט דאָס בייטל אויף לאַנגזאַם פון דער ערד, באַ־גלייטנדיק פּיעסקאָן מיט חשד.

מורין

אַזעלכע, הייסט עס, זיינען איצט אונזערע באַציִונגען! „וויל איך דיך מער אין גענוע ניט פאַרהאַלטן". דאָס הייסט איבערגעזעצט פון דער קריסטלעכער אויף מיין געצנדינערשער שפּראַך: „ווען איך וועל ווערן הערצאָג, וועל איך דעם גוטן פריינט אויפהענגען אויף אַ גענוגזי־שער תליה. גוט! ער האָט מורא, ווייל איך ווייס אַלע זיינע מעשים תעתועים, וועל איך זיין כבוד באַשמוצן מיט מיין פּלוידערן, ווען ער וועט ווערן הערצאָג. פּאַמעלעך, הער גראַף! דאָס לעצטע דאַרף מען נאָך גוט באַטראַכטן!

איצט, אַלטער דאָריאַ, איז דיין פעל אין מיין רשות!—שטאַרבן וועסטו, אויב איך וועל דיך ניט וואָרענען באַצייטנס. ווען איך קום איצט צו אים און דערצייל אים וועגן דעם קאָמפּלאָט, בין איך דעם הערצאָג פון גענוע מציל ניט ווייניקער ווי אַ לעבן און אַ הערצאָגטום. ניט ווייניקער ווי ס'דאָזיקע היטל פון מיט גאָלד אַריבער די ברעגן קאָן זיין דער דאַנק זיינער. ער וויל אַוועק, בלייבט אָבער פלוצלונג שטיל שטיין. אָבער פּאַמעלעך, פריינד האַסאַן! דו גייסט, דאַכט זיך, טאָן אַ נאַרישע זאַך. וואָס וועט זיין, אויב די גאַנצע טויטשלעגעריי וועט ניט פאָרקומען און פון דעם גאַנצן ענין וועט גאָר אַרויסקומען עפּעס גוטס? — טפוי! טפוי! אויף וואָס פאַר אַ טייוולשע שטיק מיין גייציקייט וויל מיך טרייבן! וואָס וועט ברענגען מער שלעכטס? ווען איך וועל פּיעסקאָן צודריקן?—

ווען איך וועל יענעם דאָריאַ אויפן מעסער אַרויפטרייבן? זייט חכמים און זאָגט מיר עס, טייוואָלים. אויב פּיעסקאָ וועט אויספירן, קאָן גענוע אויפקומען. אַוועק! דאָס קאָן ניט זיין. וועט דאָריאַ אויסהאַלטן, בלייבט אַלץ ווי פריער, און גענוע לעבט אין פרידן.— דאָס איז נאָך ערגער. אָבער דער ספּעקטאַקל, ווען די קעפּ פון די מורדים וועלן פליען צו דעם תליון אויפן קיך! אויף דער אַנדער זייט אָבער דער פרייליכער געשלעג פון היינטיקער נאַכט, ווען זייערע דורכלויכטן וועלן לויט דעם פייף פון אַ מורין דערשטיקט ווערן? ניין! פון דעמדאָזיקן פלאָנטער קאָן זיך אַרויסדרייען נאָר אַ קריסט פאַר אַ געצנדינער איז די רעטעניש אַ שפּיציקע... איך וועל גיין פרעגן ביי אַ געלערנטן. גייט אַוועק.

---

## אכטע סצענע

א זאַל ביי דער גרעפין אימפעריאַלי.

יוליע אין נעגליזשע. דזשיאַנעטינאַ גייט אַריין אַ צערודערטער.

דזשיאַנעטינאַ

גוטן אָוונט, שוועסטער!

יוליע

שטייט אויף.

מסתמא, איז עס עפּעס אויסערגעוויינלעכס, וואָס האָט דעם קרוינ־פּרינץ פון גענוע נעבראַכט צו זיין שוועסטער?

דזשיאַנעטינאַ

שוועסטער! דו ביסט דאָך שטענדיק אַרומגערינגלט מיט שמעטער־לינגען, און איך—מיט וועספּעס. נאָר ווער איז דען פריי פון זיי• לאָמיר זיך זעצן.

יוליע

דו מאַרסט מיך אומגעדולדיק.

דזשיאַנעטינאַ

שוועסטער, ווען איז עס געווען דאָס לעצטע מאָל, וואָס פיעסקאָ האָט דיך באַזוכט?

יוליע

משונה. גלייך ווי אין מיין מוח קאָנען פאַרבלייבן אַזעלכע נישטי־קייטן.

דזשיאַנעטינאַ

איך מוז עס אומבאַדינגט זויסן.

יוליע

נו, ער איז דאָ געווען נעכטן.

דזשיאַנעטינאָ

און איז געווען אָפּנהאַרציק?

יוליע

ווי געווײנלעך.

דזשיאַנעטינאָ

און נאָך אַלץ דער אַלטער משוגע?

יוליע

באַליידיקט.

ברודער!

דזשיאַנעטינאָ

מיט אַ שטאַרקערער שטימע.

איך פרעג: און נאָך דער אַלטער משוגע?

יוליע

שטייט אויף אין צאָרן.

פאַרוואָס האַלט איר מיך, ברודער?

דזשיאַנעטינאָ

בלייבט זיצן שפּאָטיש.

פאַר אַ שטיק ווייבער־פלייש, אין אַ גרויסן — אַ גרויסן פריצישן יחוס־בריוו פאַרוויקלט. דאָס ריידן מיר צווישן זיך, קיינער הערט דאָך אונז ניט.

יוליע

היציק.

צווישן זיך — איר זייט אַן עזותניק, אַ מאַלפּע, וואָס רייט אויפן חשבון פון זיין פעטערס רום, אויף אַ שטעקן — ווייל קיינער הערט דאָך ניט.

דזשיאַנעטינאָ

שוועסטערל, שוועסטערל! אָן כעס. מיר איז נאָר פריילעך, וואָס פיעסקאָ איז נאָך דער אַלטער משוגע. דאָס האָב איך געוואָלט וויסן. אַ גוטן טאָג. וויל גיין.

---

# נײַנטע סצענע

לאַמעלין קומט אַרײַן.

לאָמעלין

קושט יוליען די האַנט.

זײַט מיר מוחל מײַן עזות, גרעפֿין! װענדט זיך צו דזשיאַנעטינאַ.
זאַכן, װאָס מען קאָן ניט אָפּלײגן —

דזשיאַנעטינאָ

פֿירט אים אָפּ אָן אַ זײַט. יוליע גײט צו אין כּעס צו דעם קלאַװעסין
און שפּילט אַלעגראָ.

אַלַק אײַנגעאָרדנט אויף מאָרגן?

לאָמעלין

אַלַק, פּרינץ. נאָר דער קוריער, װאָס איז הײַנט אינדערפֿרי גע-
פֿלױגן קײן לעװאַנטאָ, איז צוריק ניט געקומען. שפּינאָלאַ איז נאָך
אויך ניטאָ. װוי, אויב ער איז גענומען געפֿאַנגען? איך בין אין
דער גרעסטער פֿאַרלעגנהײט.

דזשיאַנעטינאָ

זאָרג ניט. דו האָסט דאָך די רשימה בײַ זיך?

לאָמעלין

צעמישטערהײט.

די רשימה, פּרינץ? איך װײס ניט... אפֿשר האָב איך זי געלאָזן
אין קעשענע פֿון דעם ראָק, װאָס איך האָב נעכטן געטראָגן.

ד ז ש י אַ נ ע ט י נ אָ

מילא. וואָלט נאָר שפּינאָלאַ צוריק געקומען. פּיעסקאָ וועט מאָרגן פרי געפונען ווערן אַ טויטער אין בעט. איך האָב שוין די זאַך באַשטעלט.

ל אָ מ ע ל י ן

דאָס וועט אַרויסרופן אַ שרעקלעכן טומל.

ד ז ש י אַ נ ע ט י נ אָ

אין דעריין שטעקט טאַקע אונזער זיכערקייט, ליבינקער. אַלטעג־לעכע געוויינלעכע פאַרברעכנס צערודערן דאָס בלוט פון די באַ־ליידיקטע, אויסערגעוויינלעכע פאַרברעכנס מאַכן גליווערן דאָס בלוט צוליב דער אימה, און דער מענטש ווערט גאָרנישט. דיר איז באַקאַנט די מעשה וועגן דעם קאָפּ פון דער מעדוזע? איר בליק פאַרוואַנדלט אין ש ט י י ן — און וואָס אַזוינס קאָן מען דען ניט אָפּטאָן, ברודערקע, ביז וואַנען שטיין דערוואַרעמט זיך?

ל אָ מ ע ל י ן

האָט איר פאַר דער גרעפין געלאָזט אַ רמז פאַלן וועגן דעם?

ד ז ש י אַ נ ע ט י נ אָ

פע, וואָס רעדסטו! פון פּיעסקאָס וועגן מוז מען מיט איר אַ ביסל דעליקאַטער באַגיין זיך. זאָל זי פריער פאַרזוכן די פרוכט, נאָכ־דעם באַקלאָגן די אַבדה. קום! איך וואַרט נאָך היינטיקן אָוונט אויף חייל פון מאַילאַנד און מוז מאַכן נאָך עפּעס פאַראָרדענונגען ביי די טויערן. צו יוליען. נו, שוועסטער? האָסט שוין אויסגע־פּייקלט דיין צאָרן?

ו ל י ע

נייט! איר זייט אַ ווילדער מענטש.

דזשיאַנעטינאָ וויל אַרויס און באַגעגנט זיך אין טיר מיט פּיעסקאָן.

---

## צענטע סצענע

פיעסקאָ קומט אַריין.

דזשיאַנעטינאָ

אָפּטרעטנדיק אויף צוריק.

האַ!

פיעסקאָ

צוגייענדיק פריינדלעך.

פרינץ, איר האָט מיר פאַרשפּאָרט אַ וויזיט, וואָס איך האָב ערשט געהאַט בדעה צו מאַכן.

דזשיאַנעטינאָ

אויך פאַר מיר, גראַף, איז קיינזאַך ניט ליבער, ווי די באַגעגעניש מיט אייך.

פיעסקאָ

גייט צו צו יוליען און קושט איר די האַנט מיט רעספּעקט.

אַזוי איז מען שוין געוויינט, סיניאָרע, אַז מען זאָל אייך שטענדיק געפינען בעסער, איידער מען האָט דערוואַרט.

יוליע

פע, אַן אַנדערע וואָלט עס אָנגענומען פאַר אַ צווייַדייטיקייט. אָבער איך שעם מיך מיט מיין נעגליזשע. זייט מיר מוחל, גראַף!

וויל אַוועקלויפן אין איר קאַבינעט.

פיעסקאָ

אָ, בלייבט, שיינע גרעפין! אַ פרוי איז קיינמאָל ניט אַזוי שיין, ווי אין אירע שלאָפקליידער. שמייכלט. דאָס איז דאָס קלייד פון

איר פראָפעסיע. סאַר אַן אָ־געצויגענע האָר! דערלויבט מיר זיי צעוואַרפן.

יוליע

איר, מאַנסביל, האָט אַזוי ליב צו צעוואַרפן.

פיעסקאָ

*תמימותדיק צו דזשיאַנעטינאַ.*

האָר און רעפובליקן! ניט אמת דאָס איז פּאַר אונז אַלץ איינס — און דער־אָ באַנד איז אויך פאַלש צוגעשפּילעט, זעצט זיך, שיינע גרעפין. אַייער לאַוראַ ווייס, ווי ־אָפּצונאַרן אויגן, אָבער ניט קיין הערצער. לאָמיך זיין אַייער קאַמערפרוי. *זי זעצט זיך, און ער פּאַר־ריכט איר דאָס אָנטאָן.*

דזשיאַנעטינאָ

*צופּט לאָמעלינען.*

אָרעמער זאָרגלאָזער נפש.

פיעסקאָ

*צופּנדיק יוליעס ברוסט.*

זעט איר, אָט דאָס באַהאַלט איך בכיוון. די געפילן דאַרפן שטענדיק נאָר בלינדע בריוטרעגער זיין, און ניט ווייסן, וואָס האָבן נאַטור און פאַנטאַזיע צו טאָן איינע מיט דער אַנדערער.

יוליע

דאָס איז לייכטזיניק.

פיעסקאָ

גאָר און גאָר ניט. די שענסטע נייס פאַרלירט דעם רייץ, וויבאַלד עס קומט אַריין אין לייטישע מיילער. אונזערע געפילן — דאָס איז נאָר דער אָפּזאַץ פון אונזער אינעווייניקסטער רעפובליק. דער אַדל לעבט פון זיי, אָבער ער דערהייבט זיך העכער איבער זייער פלאַכן טעם. *ער האָט אויסגעפוצט, און פירט זי צו אַ שפּיגל.* איצט, אויף מיין ערנוואָרט, מוז דערדאָזיקער אָנטאָן מאָרגן ווערן די מאָדע פון גענוע. *איידל.* מעג איך אַייך, גרעפין, אַזוי דורכפירן איבערן שטאָט?

יוליע

פאַר אַ ביטרער איר זייט! ווי קונציק ער מאַכט עס, איך זאָל מיך אונטערגעבן זיין ווילן! אָבער מיר טוט וויי דער קאָפּ, און איך וועל בלייבן אינדערהיים.

פּיעסקאָ

זייט מיר מוחל, גרעפין, איר קאָנט טאָן, ווי איר וועט יועלן, אָבער איר וועט עס ניט וועלן. היינט בייטאָג איז אָנגעקומען אַ טרופּע פלאָרענטינישע אַקטיאָרן, און האָט פאָרגעלייגט צו שפּילן ביי מיר אין פּאַלאַץ. נו, האָב איך ניט געקענט אויסמיידן, אַז פילע איידעלע דאַמען פון שטאָט זאָלן קומען זען די פאָרשטעלונג, און איך בין אין אַ גרויסער פאַרלעגנהייט, וועמען זאָל איך אַריינזעצן אין דער שענסטער לאָזשע, אַז מיינע עמפּינדלעכע געסט זאָלן זיך ניט באַלייידיקן. איין אויסוועג איז מיר נאָר פאַרבליבן. סיף פאַרבויגנדיק זיך. אפשר וואָלט איר מיר דעם חסד געטאָן, סיניאָראַ?

יוליע

ווערט רויט און גייט האַסטיק אין קאַבינעט.

לאַוראַ!

דזשיאַנעטינאָ

גראַף, איר געדענקט די אומאָנגענעמע געשיכטע, וואָס איז דאָ ניט לאַנג פאָרגעקומען צווישן אונזביידן?

פּיעסקאָ

איך וואָלט וועלן, פּרינץ, מיר זאָלן זי ביידע פאַרגעסן. מיר מענטשן באַגייען זיך איינעם מיט דעם צווייטן לויט דעם, ווי מיר קענען איינער דעם צווייטן, און וועמעס שולד, אויב ניט מיינע, איז עס, וואָס מיין פריינד דאָריאַ האָט מיך ניט גוט געקענט?

דזשיאַנעטינאָ

ווייניקסטנס, איך וועל עס קיינמאָל ניט דערמאָנען, ניט בעטנדיק ביי אייך קיין פאַרצייונג פון טיפן האַרצן.

פּיעסקאָ

און איך וועל אייך יעדעס מאָל פאַרצייען מיטן גאַנצן האַרצן.

דזשיאַנעטינאָ

מיר דאַכט זיך, גראַף, אַז איר קלייבט זיך אַרויסצוטרעטן קעגן די טערקן?

פיעסקאָ

היינטיקן אָוונט ווערן די אַנקערס אויפגעהויבן. צוליב דעם טאַקע בין איך אַ ביסל אומרויִק, און נאָר די ליבלעכקייט פון מיין פריינד דאָריאַ וואָלט מיר געקענט אויסהעלפן.

דזשיאַנעטינאָ

זייער העפלעך.

מיטן גרעסטן פאַרגעניגן. מיין גאַנצע השפּעה איז אין אייער רשות.

פיעסקאָ

די זאַך קאָן אַרויסרופן אָוונטצייט אַ צונויפלויף פון מענטשן אַנט-קעגן האַפן אין מיין פּאַלאַץ, און דער הערצאָג, אייער פעטער, קאָן עס שלעכט אויסטייטשן — —

דזשיאַנעטינאָ

אויפריכטיק.

דערפאַר וועל איך שוין זאָרגן. איר טוט ווייטער אייערס, און איך ווינטש אייך פיל גליק אין אייער אונטערנעמונג.

פיעסקאָ

פרוקן.

ב׳בין אייך זייער דאַנקבאַר.

---

# עלפטע סצענע

די פּאַריקע. אַ דייטש פון דער לייבוואַך.

דזשיאַנעטינאַ

וואָס גוטס?

דער דייטש

ווען איך בין געגאַנגען פאַרביי דעם טאָמאַס-טויער, האָב איך געזען באַוואָפנטע סאָלדאַטן אין אַ גרויסער צאָל גייען אַיילנדיק צו דער דאַרסענאַ, און די שיפן פון דעם גראַף לאַוואַניאַ גרייטן זיך אָפּצושווימען.

דזשיאַנעטינאַ

מער גאָר נישט? רעדט מער ניט וועגן דעם.

דער דייטש

איך הער. אויך פון דעם קאַפּוצינער קלויסטער שטראָמט עפּעס אַ חשודער המון און לאָזט זיך גלייך איבערן מאַרק. לויט דעם גאַנג און דעם אויסזען ווייזן זיי אויס צו זיין סאָלדאַטן.

דזשיאַנעטינאַ

אין כעס

אַ טובה פון אַ שוטה! שטיל צו לאָמעלינען. דאָס זיינען מיינע מאַי־לענדער.

דער דייטש

באַפעלט ניט אייער דורכלויכט זיי צו פאַרהאַלטן?

דזשיאַנעטינאַ

הויך צו לאָמעלינען

טוט אַ בליק, לאָמעלינאָ! צאָרנדיק צום דייטש. איצט גיי, ס'איז רעכט.

צו לאָמעלינאָן ניט דעמדראָזיקן בייק צו פאַרשטיין, אַז ער וואָל האַלטן זיין מויל פאַרמאַכט. לאָמעלין גייט אַרויס מיט דעם דייטש.

פ י ע ס ק אָ

וואָס האָט די גאַנצע צייט פאַרבראַכט מיט יוליען. און נאָר בגנבה געוואָרפן בליקן אָן אַ זייט:

אונזער פריינד איז עפּעס ברוגז. איך קען וויסן, וואָס איז די סיבה?

ד ז ש י אַ נ ע ט י נ אָ

וואָס איז דער וואונדער. שטענדיק אָנפּראַגעט און מעלדונגען. גייט אַרויס.

פ י ע ס ק אָ

בבן, וואַרט אויף אונז דאָס טעאַטער. איך מעג אַייך פאַרליינן די די האַנט, גרעפין?

י ו ל י ע

האָט געדולד. איך דאַרף נאָך פריער אַרויפוואַרפן אויף זיך די טאַלמע. נאָר ניט קיין טראַגעדיע, גראַף. עס וועט זיך מיר נאָכ־דעם חלומען.

פ י ע ס ק אָ

מיט פאַלשקייט.

אָ, מען וועט שטאַרבן פון געלעכטער, גרעפין!

ער פירט זי אַרויס. דער פאָרהאַנג פאַלט.

# פערטער אַקט

ס׳איז נאַכט. דער הויף פון פיעסקאָס שלאָס. די לאַמטערנעס ווערן אָנגעצונדן, וואָפן אַריינגעטראָגן. איין שלאָספליגל איז באַלויכטן.

# ע ר ש ט ע  ס צ ע נ ע

---

בּורגאָנינאָ פירט אַריין סאָלדאַטן.

## בּ ו ר ג אָ נ י נ אָ

האַלט! פיר פּאָסטנס צו דעם גרויסן הויפּטטויער! צוויי — בּיי יעדער טיר פון שלאָס. די וואַכן פאַרנעמען זייערע ערטער. מען לאָזט אַריין יעדן, ווער עס וויל. אַרויס—זאָל קיינער ניט. ווער ס'וועט בּרויכן כּוח—דערשטעכן. גייט אַריין מיט די איבּעריקע אין שלאָס. די וואַך גייט אַרום הין און צוריק. שטיל.

---

## צווייטע סצענע



### די וואַך ביים הויפטטויער

הויף.

ווער גייט? צענטוריאָנע קומט אַריין.

### צענטוריאָנע

אַ פריינד פון לאַוואַניאַ. גייט קווער איבערן הויף צו דעם רעכטן שלאָס-טויער.

### די וואַך

דאָרט:

צוריק!

### צענטוריאָנע

פאַרוואונדערט זיך, און גייט צו דעם לינקן טויער.

### די וואַך

ביים לינקן טויער.

צוריק!

### צענטוריאָנע

שטייט אַ פאַרוואונדערטער שטיל. נאָכדעם זאָגט ער צו דער וואַך פון לינקס.

זאָג, מיין פריינד, ווי גייט מען אַריין אין טעאַטער?

### די וואַך

כ׳ווייס ניט.

### צענטוריאָנע

גייט הין און צוריק מיט שטייגנדיקער פאַרוואונדערונג. דערנאָך צו דער וואַך רעכטס.

זאָג, מיין פריינד, ווען הייבט זיך אָן דאָס טעאַטער?

די וואַך

כ׳ווייס ניט.

צענטוריאָנע

גייט פאַרוואונדערט הין און צוריק, באַמערקט די וואָפן. צעמישט.

זאָג, מיין פריינד, וואָס באַטייט עס?

די וואַך

כ׳ווייס ניט.

צענטוריאָנע

פאַרוויקלט זיך אַ דערשראָקענער אין מאַנטל.

משונה!

די וואַך ביים הויפטויער

ווער גייט?

---

## דריטע סצענע

די פאַבריקע. ציבאָ קומט אַריין.

ציבאָ

אַריינגייענדיק.

אָ, פריינד פון לאַוואַניאַ.

צענטוריאָנע

ציבאָ, וואו זיינען מיר?

ציבאָ

וואָס?

צענטוריאָנע

טו אַ בליק אַרום, ציבאָ!

ציבאָ

וואו? וואָס?

צענטוריאָנע

אַלע טירן באַוואַכט.

ציבאָ

דאָ ליגט וואָפן.

צענטוריאָנע

קיינער דערקלערט גאָרנישט.

ציבאָ

דאָס איז משוגה.

צענטוריאָנע

וויפיל דער זיינער?

צ י ב אָ

אַכט נעשלאָגן.

צ ע נ ט ו ר י אָ נ ע

פוי, ווי קאַלט!

צ י ב אָ

אַכט דעם ווייגער אין די באַשטימטע שעה.

צ ע נ ט ו ר י אָ נ ע

שאָקלענדיק מיטן קאָפּ.

דאָ איז עפּעס ניט גלאַט.

צ י ב אָ

פּיעסקאָ וויל דאָ עפּעס מאַכן אַ שפּאַס.

צ ע נ ט ו ר י אָ נ ע

מאָרגן ווײנען די וואַלן פון אַ דאָזש. ציבאָ, דאָס איז ניט גלאַט!

צ י ב אָ

שטילער, שטילער, שטילער!

צ ע נ ט ו ר י אָ נ ע

דער רעכטער שלאָספליגל איז פול מיט ליכטיקייט.

צ י ב אָ

דו הערסט גאָרנישט? גאָרנישט הערסטו ניט?

צ ע נ ט ו ר י אָ נ ע

נאָר אַ נעמורמל אינעווייניק און אומעטום.

צ י ב אָ

אַ פאַרשטיקט קלינגען ווי פון פאַנצערן, ווען זיי רייבן זיך איינע אָן די אַנדערע.

צ ע נ ט ו ר י אָ נ ע

אַ שרעק! אַ שרעק!

צ י ב אָ

אַ קאַרעטע. זי שטעלט זיך אָפּ לעבן טויער.

ד י   וו אַ ך   ב י י ם   ה ו י פּ ט ו י ע ר

הויך.

ווער גייט?

# פערטע סצענע

די פאַבריקע. די פיר ברידער אַסעראַטאַ.

די אַסעראַטאַם

אַריינקומענדיק.

פריינד פון לאַוואַניאַ.

ציבאָ

דאָס זיינען די פיר אַסעראַטאָם.

צענטוריאָנע

גוטן אָוונט, לאַנדסלייט.

אַסעראַטאַ

מיר גייען אין טעאַטער.

ציבאָ

אַ גליקלעכן וועג אייך!

אַסעראַטאַ

איר גייט דען ניט אויך אין טעאַטער?

צענטוריאָנע

גייט איר נאָר אַריין, מיר ווילן פריער שעפּן פרישע לופט.

אַסעראַטאַ

ס'וועט זיך באַלד אָנהייבן, קומט. גייען ווייטער.

די וואַך

צוריק!

אַסעראַטאָ

וואָס הייסט עס?

צענטוריאָנע

לאַכט.

דער וועג אין שלאָס אַריין.

אַסעראַטאָ

דאָ איז עפּעס אַ טעות.

ציבאָ

אַ באַשיינפּערלעכער. מוזיק שפּילט אין רעכטן פליגל.

אַסעראַטאָ

הערט איר די סימפאָניע? די קאָמעדיע הייבט זיך באַלד אָן.

צענטוריאָנע

מיר דאַכט זיך, עס הייבט זיך שוין אָן, און מיר שפּילן אין איר די ראָלע פון די נאַרן.

ציבאָ

איבעריק הײַם איז מיר ניט. איך גיי.

אַסעראַטאָ

דאָ ליגט וואָפן.

ציבאָ

גאָרנישט — טעאַטראַלע אַלטוואַרג.

צענטוריאָנע

זאָלן מיר אַפּנים דאָ שטיין, ווי די נאַרן ביים אַכעראָן? קומט! אין קאַפּעהויז. אַלע זעקס אַיילן צו דער פּאָרטקע.

די וואַך

שרייט הויך.

צוריק!

צענטוריאָנע

מאָרד און טויט! מיר זיינען געפאַנגען!

צ י ב אָ

מיין שווערד זאָגט: ניט אויף לאַנג.

אַ ס ע ר אַ ט אָ

אין שייד אַריין! אין שייד אַריין! דער גראַף איז אַן איידלמאַן!

צ י ב אָ

פאַרקויפט! פאַרראַטן! די קאָמעדיע איז עס געווען דאָס שטיקל פעטס; הינטער דער מויז האָט זיך דאָס טירל פאַרהאַקט.

אַ ס ע ר אַ ט אָ

זאָל גאָט היטן! אַ שרעק כאַפּט מיך אָן, וואָס וועט ווייטער זיין?

---

## פינפטע סצענע

### די שילדוואַך

ווער גייט? ווערינאָ און סאַקאָ קומען אַריין.

**ווערינאָ**

פריינד פון דעם הויף. זיבן אַנדערע נאָבילים גייען נאָך אים.

**ציבאָ**

זיינע פאַרטרויטע! איצט וועט אַלץ קלאָר ווערן.

**סאַקאָ**

האַלט אין ריידן מיט ווערינאָ.

ווי איך האָב אַייך געזאָגט. לעסקאַראָ האַלט די וואַך ביים טאָמאַס-טויער, דאָריאַס בעסטער אָפיציר און בלינד אים איבערגעגעבן.

**ווערינאָ**

דאָס פרייט מיך.

**ציבאָ**

צו ווערינאָן,

איר קומט ווי געוואונטשן, ווערינאָ, כדי אונז אַלעמען דעמדאָזיקן חלום צו באַשיידן.

**ווערינאָ**

וואָס הייסט? וואָס הייסט?

**צענטוריאָנע**

מיר זיינען אַיינגעלאַדן אויף אַ קאָמעדיע.

ווערינאָ

נייען מיר אַלזאָ צוזאַמען אין איין וועג.

צענטוריאָנע

אומגערולדיק.

אין דעם וועג פון יעדן פלייש. דעם וועג ווייס איך. איר וועט דאָך, אַז די טירן זיינען באַוואַכט, צוליב וואָס דאַרף מען דאָ באַוואַכן די טירן?

ציבאָ

צו וואָס דאָס געווער?

צענטוריאָנע

מיר שטייען דאָ, ווי צו דער תליה.

ווערינאָ

דער גראַף וועט באַלד אַליין קומען.

צענטוריאָנע

ער וואָלט זיך געקאָנט צואיילן. מיין געדולד פּלאַצט אין מיר.

אַלע נאָבילים גייען אַרום אין הינטערגרונד הין און צוריק.

בורגאָנינאָ

אַרויסגייענדיק פונם שלאָס.

וואָס הערט זיך אין האַפן, ווערינאָ?

ווערינאָ

אַלץ אין אָרדענונג.

בורגאָנינאָ

דער שלאָס איז אויך געפּאַקט מיט סאָלדאַטן.

ווערינאָ

באַלד שוין ניין דער זייגער.

בורגאָנינאָ

דער גראַף מאַכט עפּעס שהיות.

ווערינאָ

דאָך אָבער צו שנעל, ווערליג ער האָט געהאָפּט. בורגאָנינאָ, איך ווער אַ שטיק אײַיז, ווען איך טו ווענן עפּעס אַ טראַכט.

בורגאָנינאָ

פּאָטער, אײַיל זיך ניט צופּיל.

ווערינאָ

עס לאָזט זיך ניט צופּיל אײַילן, וואו מען קאָן ניט ציען. אויב איך וועל ניט באַגיין קיין צווייטן מאָרד, וועל איך ניט קענען פאַרענטפערן דעם ערשטן.

בורגאָנינאָ

אָבער וועז דאַרף פּיעסקאָ שטאַרבן?

ווערינאָ

ווען גענוג וועט פריי זיין, וועט פּיעסקאָ שטאַרבן.

די וואַך

ווער גייט?

# זעקסטע סצענע

פאַבריקע: פיעסקאָ.

פיעסקאָ

אַריינקומענדיק.

אָ, פריינד! אַלע פאַרנייגן זיך. די וואַך סאַלוטירט. ברוכים הבאים, טייערע געסט! איר זייט שוין מיסתמא ברוגז געוועזן, וואָס דער ווירט פון הויז האָט אויף זיך געלאָזן וואַרטן אַזוי לאַנג? זייט מיר מוחל. שטיל צו ווערינאָן. פאַרטיק?

ווערינאָ

אויפן אויער.

ווי געוואונטשן.

פיעסקאָ

שטיל צו בורגאָנינאָ.

און?

בורגאָנינאָ

אַלץ אין אָרדענונג.

פיעסקאָ

צו סאַקאָ.

און ביי אייך?

סאַקאָ

אַלץ גוט.

פיעסקאָ

און קאַלקאַניאָ?

בורגאָנינאָ

נאָך ניטאָ.

# פ י ע ס ק אָ

## הויף צו דער וואַך ביים טויער

פאַרשליסן די טויערן! ער נעמט אַראָפּ דעם הוט און גייט מיט פרייען גאַנג צו דער פאַרזאַמלונג. מיינע הערן! איך האָב אַייך געלאָזט בעטן קומען אויף אַ כפעקטאַקל — אָבער ניט כדי אַייך צו פאַרווײַלן, נאָר כדי צו געבן אַייך אין אים ראָלן. גענוג לאַנג האָבן מיר, מיינע פריינד, פאַרטראָגן דושיאַנעטינאָ דאָריאַס גאווה און אַנדרעאַסעס אומגערעכטיקייטן. אויב מיר ווילן ראַטעווען גענוע, מיינע פריינד, דאַרפן מיר קיין צייט ניט פאַרלירן. צו וואָס, מיינט איר, דאַרף מען דידאָזיקע צוואַנציק גאַלערעס, וואָס באַלאַגערן דעם האַפן פון אונזער פאָטערלאַנד? צו וואָס זיינען די בונדן, וואָס די דאָזיקע דאָריאַס האָבן געשלאָסן? צו וואָס, ענדלעך, זיינען די פרעמדע המונים, וואָס זיי ציען אַריין אין גענועס האַרצן? איצט איז שוין קנאַפּ צו בייזערן זיך און צו פלוכן; כדי אַ ל ץ צו ראַטעווען, מוז מען איצט אויף אַ ל ץ וואַגן. די געפערלעכע קראַנקהייט פאָדערט ריזיקאַלישע היילונג. געפינט זיך דען אין דערדאָזיקער פאַרזאַמלונג איינער, וואָס באַזיצט גענוג אַפּאַטישקייט, כדי צו אָנערקענען זיינעם אַ גלייכן אַלס האַר איבער זיך? אַ געמורמל. דאָ איז קיינער ניטאָ, וואָס זיינע עלטערן זאָלן ניט האָבן געשטאַנען ביי גענועס ווינעלע. מיט וואָס?— ביי אַלעם הייליקן! — מיט וואָס? מיט וואָס זיינען דידאָזיקע בירגער בעסער, וואָס זיי הייבן זיך מיט עזותדיקן פלי איבער אונזערע קעפּ? שטאַרקער טומל פון רוגז. יעדער פון אַייך איז פייערלעך אויפגעפאָדערט צו פאַרטיידיקן די זאַך פון גענוע קעגן אירע אונטערדריקער. קיינער פון אַייך קאָן אויף דער ברייט פון אַ האָר ניט אָפּטרעטן פון זיינע רעכט, ניט פאַרראַטנדיק צוזאַמען דערמיט די נשמה פון דער גאַנצער מלוכה!

די טומלדיקע באַוועגונגען צווישן די צוהערער רייסן אים איבער. נאָכדעם רעדט ער ווייטער.

פילט איר — איז איצט אַלץ געוואונען. איך האָב שוין פאַר אַייך דורכגעלייגט דעם וועג צום רום. ווילט איר נאָך מיר גיין? איך בין גרייט אַייך צו פירן. דידאָזיקע הכנות, וואָס איר האָט כמעט מיט אימה ערשט באַטראַכט, דאַרפן אין אַייך אַריינאָטעמען

פרישן העלדנמוט. דערדאָזיקער שוידער פון מורא דאַרף פאַרוואַנדלט ווערן אין אייפער פון רום, כדי איין זאַך צו טאָן מיט דידאָזיקע פאַטריאָטן און מיט מיר און די מיראַנען פון וואָרצל אַרויסצורייסן. אונזער ריזיקאַלישע אַרבעט וועט מצליח זיין, וואָרעם די הכנות, וואָס איך האָב געמאַכט, זיינען גוטע. אונזער אונטערנעמונג איז אַ גערעכטיקע, וואָרעם געגוע ליידט. אונזער געדאַנק מאַכט אונז אומשטערבלעך, וואָרעם ער איז געפערלעך און גרויס.

### צענטוריאָנע

אין שטורעמדיקער אויפרעגונג.

געגוע! געגוע וועט פריי זיין! מיט דעמדאָזיקן לאָזונג בין איך גרייט צו גיין אַנטקעגן דעם גהינום

### ציבאָ

און וועמען דאָס וועט ניט אויפוועקן פון זיין דרעמל, יענער זאָל אייביק שוויצן ביים רודער, ביז דער שופר פון דעם גרויסן וועלט-געריכט וועט אים ניט באַפרייען!

### פיעסקאָ

דאָס זיינען ווערטער פון אַ מאַנסביל. ערשט איצט פאַרדינט איר צו ווייסן די געפאַר, וואָס איז געהאַנגען איבער אייך און איבער געגוע. ער גיט זיי איבער דעם מורינס צעטל. לייכט צו, סאָלדאַטן! די נאָבילים דריקן זיך צונויף אַרום אַ פאַקעל און לייענען. ס'איז צוגעגאַנגען, ווי איך האָב געוואָלט, פריינד.

### ווערינאָ

פונדעסטוועגן רייד נאָך ניט אַזוי הויך. איך האָב דאָרט ביי דעם לינקן פליגל געזען פנימער, וואָס זיינען בלייך געוואָרן, און קני, וואָס האָבן געציטערט.

### צענטוריאָנע

אין גרימצאָרן.

צוועלף סענאַטאָרן! אַשמדאי! נעמט אַלע די שווערדן אין די הענט! אַלע וואַרפן זיך אויף דעם אָנגעגרייטן געווער, חוץ צווייען.

צ י ב אָ

דיין נאָמען שטייט דאָ אויך, בורגאָנינאָ.

בּ ו ר ג אָ נ י נ אָ

און נאָך היינט, מיט גאָטס הילף, אויף דאָריאַס גאָרגל.

צ ע נ ט ו ר י אָ נ ע

צוויי שווערדן זיינען געבליבן ליגן.

צ י ב אָ

וואָס? וואָס?

צ ע נ ט ו ר י אָ נ ע

צוויי האָבן ניט גענומען קיין שווערדן.

אַ ס ע ר אַ ט אָ

מיינע ברידער קאָנען ניט זען קיין בלוט. האָט אויף זיי רחמנות.

צ ע נ ט ו ר י אָ נ ע

ווי? ווי? קיין טיראַנענבלוט קאָנען זיי ניט זען? צערייסט דירדאָ־זיקע פּחדנים. וואַרפט זיי פון דער רעפּובליק אַרויס, דידאָזיקע בּוזים. אייניקע פון די פּאַרזאַמלטע וואַרפן זיך אין צאָרן אויף די צוויי.

פּ י ע ס ק אָ

נעמט זיי פונאַנדער.

שטייט! שטייט! צי דען זאָל געגנוע האָבן צו דאַנקען שקלאַפן פאַר איר פרייהייט? צי דען זאָל אונזער גאָלד צוליב דעמראָזיקן פּסולת זיין גוטן קלאַנג פאַרלירן? ער באַפרייט זיי. איר וועט, מיינע הערן, אַזוי לאַנג מוזן אָננעמען פאַר ליב אַ צימער אין מיין שלאָס, ביז אונזער זאַך וועט אַנטשיידן ווערן. צו דער וואַך. צוויי אַרעס־טאַנטן. איר זיי מיר פאַר זיי ערוב. צוויי וואַכזאַמע שומרים בּיי זייער שוועל. מען פירט זיי אַרויס.

די וואַך ביים הויפּטטויער

ווער קלאַפּט? מען קלאַפּט.

קאַלקאַניאָ

שרייט דערשראָקן.

שליסט אָפּ! אַ פריינד! שליסט אָפּ, אומגאָטס ווילן!

בורגאָניאָנאָ

דאָס איז קאַלקאַניאָ. וואָס זאָל דאָס „אומגאָטס ווילן" באַטייטן?

פיעסקאָ

לאָזט אים אַריין, סאָלדאַטן!

---

# זיבעטע סצענע

פאַריקע. קאַלקאַניאָ און אַטעם דערשראָקן.

קאַלקאַניאָ

אַ סוף! אַ סוף! אַנטלויף, ווער עס קאָן לויפן! אַ סוף מיט אַלץ!

בורגאָנינאָ

וואָס אַ סוף? זייער פלייש איז דען פון אייזן? און אונזערע שווערדן זיינען דען פון קאָרע?

פיעסקאָ

באַרויקט זיך, קאַלקאַניאָ, איצט טאָר מען אַ מיספאַרשטענדעניש ניט מוחל זיין.

קאַלקאַניאָ

מען האָט אונז פאַרראַטן! דאָס איז אַ טייוולשער אמת! אייער מורין, לאַוואַניאַ, די שעלמע! איך גיי פון דעם פאַלאַץ פון דער סיניאָריע. ער האָט געהאַט אַ אוידיענץ ביים הערצאָג. אַלע נאָבילים ווערן בלאַס, ביי פיעסקאָן זעלבסט ענדערט זיך די פאַרב אין פנים.

ווערינאָ

אַנטשלאָסן, געווענדט צו דער וואַך.

סאָלדאַטן! שטעלט אַנטקעגן מיר אויס די האַלעבאַרדן! איך וויל ניט שטאַרבן דורך די הענט פון דעם תליון! אַלע נאָבילים לויפן צע־מישטע איינער איבער דעם אַנדערן.

פיעסקאָ

רויקער.

וואוהין? וואָס טוט איר? גיי צום טייוול, קאַלקאַניאָ! דאָס איז געווען אַן אומזיסטע שרעק, מיינע הערן! — באַבעצע! פאַר יונג־

לע־אַזוי צו ריידן — דו אויך, ווערינאָ? בורגאָנינאָ, דו אויך? וואוהיז לויפסטו?

בורגאָנינאָ

אַהיים. מיין בערטען טויטן און נאָכדעם צוריק אַהער.

פּיעסקאָ

לאָכט זיך פוּנאַנדער.

בלייבט! שטייט! דאָס איז עס די דרייסטקייט פון טיראַנענמער־דער? רו האָסט מייסטערהאַפט געשפּילט דיין ראָלע, קאַלקאַניאָ! איר זעט דען ניט, אַז דידאָזיקע נייס האָב איך צוגעטראַכט? קאַלקאַניאָ, זאָגט איר — ניט איך אַפּנים האָב אייך באַפוילן, אַז איר זאָלט דידאָזיקע העלדן נעמען אויף דער פּראָבע?

ווערינאָ

נו, וויבאַלד, אַז דו קענסט לאַכן — איך וועל דיר גלויבן, אָדער מער קיינמאָל פאַר קיין מענטשן ניט האַלטן.

פּיעסקאָ

שעמט אייך, מאַנסביל! אין אַזאַ יינגלשער פּראָבע דורכצופאַלן! נעמט צוריק אייער געווער! אויב איר וועט קעמפן ווי בערן, וואָלט איר דעמאָלט דידאָזיקע פּגימה פאַרגלעטן. שטילערהייט צו קאַלקאַניאַ. איר זייט דאָרט אַליין געווען?

קאַלקאַניאָ

איך האָב מיך דורכגעשטופּט דורך דער לייבוואַך, לויט דעם אויפ־טראָג, וואָס איך האָב געהאַט צו דערגיין די פּאַראָל פון דעם הערצאָג. ווען איך בין צוריקגעגאַנגען, האָט מען געבראַכט דעם מורין.

פּיעסקאָ

הויך.

בכן איז דער אַלטער אין בעט? מיר וועלן אים אויפהייבן פון די פעדערן. שטיל. ער האָט לאַנג גערעדט מיט דעם הערצאָג?

קאַלקאַניאָ

מיין פּלוצלונגע מורא און די גאָענטע געפאַר פאַר אייך האָבן מיר געלאָזט דאָרט פאַרבלייבן קוים צוויי מינוט.

פּיעסקאָ

הויך און מונטער.

זע נאָר, ווי אונזערע לאַנדסלייט ציטערן נאָך!

קאַלקאַניאָ

איר וואָלט זיי געדאַרפט אַ ביסל לענגער מאַטערן שטיל. אָבער אומ־גאָטס ווילן, גראַף! וואָס פאַר אַ נוצן קאָן דעררוויקער ליגן ברענ־גען?

פּיעסקאָ

צייט, מיין פריינד, און דאַן וועט דער ערשטער שרעק פאַרביי זיין. הויך. העי, זאָל מען ברענגען וויין! שטיל. און דעם הערצאָג האָט איר געזען, — ער איז בלאַס געוואָרן? הויך. לעבעדיק, ברודער! מיר וועלן נאָך אַ ביסל הוליען פאַר דעם דערפאָלג פון היינטיקער נאַכט. שטיל. האָט איר געזען, — דער הערצאָג איז בלאַס געוואָרן?

קאַלקאַנאָ

דעם מורינס ערשטער וואָרט איז אַפּנים געווען: פאַרשווערונג. דער אַלטער איז אַ ווייסער ווי שניי אָפּגעשפּרונגען אויף צוריק.

פּיעסקאָ

צעמישט.

המם, המם. דער טייוול איז כיטרע, קאַלקאַניאָ. ער האָט געשוויגן, ביז מען האָט דעם מעסער אויפגעהויבן איבער זייער גאָרגל. איצט איז ער געווים זייער מלאך הגואל. דער מורין איז אַ כיטרער מען דערלאַנגט אים אַ בעכער וויין, ער הייבט אים אויף קעגן די פאַרזאַמלטע און טרינקט. פאַר אונזער הצלחה, חברים! מען קלאַפּט.

די וואַד

ווער איז דאָרט?

### אַ ש ט י ם

אַ שליח פון הערצאָג. די נאָבילים לויפן פאַרצווייפלטע אַוועק אין הויף.

### פ י ע ס ק אָ

לויפט צו זיי.

ניין, קינדער! האָט ניט קיין מורא! האָט ניט קיין מורא! איך בין דאָ, לעבעדיקער, באַהאַלט ס׳דראָזיקע געווער. זייט מאַנסביל! איך בעט אײַך! דערדראָזיקער באַזוך גיט מיר די האָפענונג, אַז אַנדרעאַס צווייפלט נאָך. גייט אַריין. זייט מוטיקער! שליסט אָפּ, סאָלדאַטן! אַלע דערווייטערן זיך. די טויער עפנט זיך

---

# אַ כ ט ע  ס צ ע נ ע

פ י ע ס ק אָ גלייך ווי ער וואָלט ערשט אַרוים פון שלאָס. ד ר ר י י ד ײ י ט ש ן, וועלכע פירן דעם מורין אַ געבונדענעם.

פ י ע ס ק אָ

זוער רופט מיך אין הויף אַריין?

ד י י ט ש

פירט אונז צום גראַף.

פ י ע ס ק אָ

דער גראַף איז דאָ. ווער דאַרף מיך?

ד י י ט ש

גיט אים אָפּ כבוד

אַ גוטן אָוונט אַייך פון דעם הערצאָג! ער שיקט אָפּ דעמראָזיקן מורין אַ געבונדענעם צו אַייער גענאָד. ער האָט זיך מיאוס פאַר־פלוידערט. דאָס איבעריקע וועט אַייך זאָגן דאָס צעטל.

פ י ע ס ק אָ

נעמט דאָס פּאַפּיר גלייכגילטיק.

האָב איך דיר אַפּנים ניט הײַנט ערשט מתרה געווען, אַז דו וועסט פאַרשיקט ווערן אויף די גאַלערעס? צום דייטש. ס׳איז רעכט, מיין פריינד. מיין אַכטונג דעם הערצאָג!

מ ו ר י ן

שרייט זיי נאָך.

און מיינע אויך, און זאָג אים, דעם הערצאָג, אַז ווען ער וואָלט ניט געשיקט קיין אייזל, וואָלט ער זיך דערוואוסט, אַז אין שלאָס זיינען באַהאַלטן צוויי טויזנט מאַן.

די דייטשן גייען אַוועק. די נאַבילים קומען צוריק.

## נײַנטע סצענע

פּיעסקאָ, די פֿאַרשװאָרענע, דער מורין חוצפּה־דיק אינדערמיטן.

### די פֿאַרשװאָרענע

טרעטן דערשראָקענע אָפּ אױף הינטער, דערזעענדיק דעם מורין.

האַ, װאָס איז עס?

### פּיעסקאָ

איבערגעלײענט דאָס צעטל מיט פֿאַרביסענעם צאָרן.

געװעזער! די געפֿאַר איז פֿאַרבײַ, אָבער די פֿאַרשװערונג אױך.

### װערינאָ

שרײַט אױס פֿאַרװאונדערט.

װאָס איז? די דאָריאַס זײַנען געשטאָרבן?

### פּיעסקאָ

שטאַרק צערודערט.

בײַ גאָט! קעגן דער גאַנצער קריגסמאַכט פֿון דער רעפּוב־ליק, נאָר קעגן דעם האָב איך קײן מוט ניט. דער אַלטער שװאַ־כער מאַן צעשלאָגט מיר מיט פֿיר שורות דרײַטהאַלבן טױזנט מאַן. לאָזט קראַפּטלאָז אַראָפּ די הענט. דאָריאַ האָט צעשלאָגן פּיעסקאָן.

### בורגאָנינאָ

זאָגט זשע, װאָס איז אַזױנס! מיר פֿאַרשטײען ניט!

### פּיעסקאָ

לײענט.

„לאַװאַניאַ, איר האָט, דאַכט מיר, אײן מזל מיט מיר: גוטע מעשים װערן אײַך באַלױנט מיט אומדאַנקבאַרקײט. דערדאָזיקער מורין

וואָרנט מיך פאַר אַ קאָמפּלאָט. איך שיק אים אָפּ אַ נעבונדענעם צוריק, און איך וועל היינטיקע נאַכט שלאָפן אָן אַ ליבוואַך".

ער לאָזט דאָס פּאַפּיר אַראָפּפאַלן, אַלע קוקן זיך אָן איינער דעם צווייטן

**וועראָניקאַ**

נו, פּיעסקאָ? –

**פּיעסקאָ**

מיט איידלקייט.

אָ, דאָריאַ זאָל מיך מנצח זיין אין גרויסמוטיקייט? אַ מידה טובה זאָל פעלן אין שטאַם פון די פּיעסקאָס? ניין! איך שווער ביי מיין אייגענעם איך. גייט זיך פונאַנדער, איר! איך וועל גיין אַהין — — און אין אַלץ מודה זיין זיך. ער וויל אַרויסגיין.

**וועראָניקאַ**

האַלט אים אָפּ.

מענטש, דו ביסט דען פון זינען אַראָפּ? די מיינסט דען, אַז דאָס, וואָס מיר האָבן פאָרגענומען, איז געווען אַ מיאוסער פאַרברעכן? שטיי! אפשר איז עס ניט געווען קיין ענין פון פאָטערלאַנד? שטיי! אָדער דו האָסט געוואָלט טויטן אַנדרעאַס, ניט דעם טיראַן? שטיי! — זאָג איך — איך אַרעסטיר דיך, אַלס פאַררעטער פון דער מלוכה —

**די פאַרשוואָרענע**

בינדט אים! וואַרפט אים אויף דער ערד!

**פּיעסקאָ**

רייסט ביי איינעם אַרויס אַ שווערד און מאַכט זיך פריי אַ וועג.

שטילער נאַר! ווער איז דער ערשטער, וואָס וועט אָנטאָן אַ צוים אויפן טיגער? זעט איר, מיינע הערן, איך בין פריי. איך קען אַרויך, וואו מיר ווילט זיך. איצט וויל איך אָבער בלייבן, ווייל איך האָב מיך אַנדערש באַטראַכט.

**בורגאָניאָ**

ווענן אַייער חוב זיך באַטראַכט?

פּיעסקאָ

אויפגעבראַכט, מיט שטאָלץ.

האַ, יינגל! לערן זיך פריער אויס דערציילן דיין חוב קענן מיר, און מיט מיר אַזוי קיינמאָל ניט צו ריידן. רוזק, מיינע הערן! עס בלייבט אַלץ ווי געווען. צום מורין, צערייסנדיק זיינע שטריק. דיר גע־הערט דער כבוד צו זיין די סיבה פון אַ גרויסער טאַט. אַנטלויף!

קאַלקאַניאָ

אין צאָרן.

זוי? ווי? דער דאָזיקער געצנדינער זאָל בלייבן לעבן און אונז אַלעמען פאַרראַטן?

פּיעסקאָ

לעבן, און אויף אייך אַלעמען — אַ מורא אָנגעוואָרפן. אַוועק, קונדעס! זע, אַז גענוג זאָל דיר גיכער בלייבן הינטערן רוקן, אַז ניט קאָן מען וועלן די מוטיקייט אויף דיר אויספּרובירן.

מורין

דאָס הייסט: דער טייוול לאָזט קיין שעלמען ניט פאַלן. אייער איבערגעגעבענער דינער, מיינע הערן! איך זע שוין, אין איטאַליע איז ניטאָ קיין שטריק פאַר מיר, איך מוז זי ערגעץ וואו אַנדערש זוכן. גייט אַוועק מיט אַ געלעכטער.

---

## צענטע סצענע

באַדינער. קומט אַריין, די פּאַריקע, און דעם מורין.

באַדינער

די גרעפין אימפּעריאַלי פרעגן זיך שוין דאָס דריטע מאָל נאָך אויף אייך.

פּיעסקאָ

צו אַלדי רוחות! הייסט עס, די קאָמעדיע מוז ווייטער געשפּילט ווערן. זאָג איר, אַז תיכף קום איך צו גיין. וואַרט! בעט מיין פרוי, אַריינגיין אין קאָנצערט-זאַל און דאָרט אויפוואַרטן אויף מיר הינ-טער דעם פּאָרהאַנג. דער באַדינער גייט אַוועק. איך האָב דאָ אַייערע אַלעמענס ראָלעס פאַרשריבן אויף אַ פּאַפּיר. אויב יעדער פון אַייך וועט דערפילן וואָס ער דאַרף, וועט אַלץ גוט זיין. ווערינאָ וועט פריער אַוועקגיין אין האַפן און מיט אַ שאָס פון האַרמאַט געבן דעם סיגנאַל צום אויפשטאַנד, נאָכדעם ווי די שיפן וועלן אַריבער אין אונזערע הענט. איך גיי. מיך רופט נאָך איינער אַ וויכטיקער ענין. איר וועט דערהערן אַ גלעקל — זאָלט איר תיכף אַלע פאַר אַמאָל אַריין אין קאָנצערטזאַל. דערווייל קומט אַריין אינווייניק און פאַרזוכט מיין ציפּרירער וויין! זיי גייען זיך פונאַנדער.

## עלפטע סצענע

קאָנצערטזאַל.
לעאָנאָרע, פּראַבעלע, ראָזע. אַלע איטרויִקע.

### לעאָנאָרע

פּיעסקאָ האָט צוגעזאָגט קומען אין קאָנצערטזאַל און ער קומט ניט. דער זייגער איז שוין נאָך עלף. דער פּאַלאַץ ווערט צעשפּאַרט פון מענטשן און געווער, און קיין פּיעסקאָ איז ניטאָ!

### ראָזע

איר דאַרפט זיך באַהאַלטן הינטער די פּאָרהאַנגען — וואָס האָט דער גנעדיקער הער דערמיט געקאָנט מיינען?

### לעאָנאָרע

אַזוי וויל ער, ראָזע, און דאָס קלעקט פאַר מיר, אַז איך זאָל זיין געהאָרזאַם. בעלע, דאָס קלעקט, אַז מען זאָל שוין זיין אינגאַנצן רויִק. פונדעסטוועגן ציטער איך אַזוי, בעלע, און מיין האַרץ קלאַפּט מיט אַזאַ מורא. מיידלעך, אומגאָטס ווילן, גייט קיינער פון מיר ניט אַוועק!

### בעלע

האָט קיין גאָרנישט מורא! אונזער מורא באַוואַכט אונזער נייגעריקייט.

### לעאָנאָרע

וואו איך טו אַ בליק, באַגעגענען מיך אומעטום פרעמדע פּנימער, ווי רוחות, פּוסטע און צעקרימטע. ווען איך פרעג עפּעס, ווערט ער פאַרציטערט, ווי אַ געכאַפּטער, און באַהאַלט זיך ניכער אין

דער פינסטערניש פ׳ן דער נאַכט — אין דערדאָזיקער שרעקלעכער פאַרבאָרגעניש פון אומריינעם געוויסן. אַלץ, וואָס מען ענטפערט, איז נאָר אַ האַלבער סודותדיקער קלאַנג, וואָס צווייפלט נאָך אויף דער ציטערדיקער צונג, צי זאָל ער זיך לאָזן הערן. — פיעסקאָ? — איך ווייס ניט, וואָס פאַר אַ אימות עס ווערן דאָ אויסגעשמידט. — נאָר מיין פיעסקאָן— פאַרכרעכט די הענט מיט גראַציע—באַשיצט, איר הימלשע כוחות!

## ר אָ ז ע

א פאַרציטערטע.

יעזוס! וואָס רוישט אַזוי אויף דער גאַלעריע!

## ב ע ל ע

דאָס איז דער סאָלדאַט, וואָס שטייט דאָרט אויף דער וואַך

די וואַך רופט אויס: „ווער גייט?“ מען ענטפערט.

## ל ע אָ נ אָ ר ע

מענטשן גייען! הינטער דעם פאָרהאַנג! גיכער! זיי באַהאַלטן זיך.

## צוועלפטע סצענע

יוליע, פיעסקאָ, שמוטסנדיק.

### יוליע

זייער צערודערט.

הערט אויף, גראַף, אייערע קאָמפּלימענטן פאַלן שוין ניט מער אין גלייכגילטיקע אויערן, נאָר אין קאָכיקן בלוט. — וואו בין איך? דאָ איז קיינער ניטאָ, אויסער דער פאַרפירערישער נאַכט. וואוהין האָט איר פאַרפירט מיין פאַרוואָרלאָזט האַרץ?

### פיעסקאָ

וואו די שרעקעדיקע ליידנשאַפט ווערט דרייסטער, און בלוט מיט בלוט ריידן פרייער.

### יוליע

שווייג, פיעסק..., ביי אַלעם הייליקן — קיין וואָרט ניט מער! ווען די נאַכט וואָלט ניט געווען אַזוי פינסטער, וואָלסטו געזען מיינע פלאַמרויטע באַקן און וואָלסט אויף מיר רחמנות געהאַט.

### פיעסקאָ

בשום אופן ניט, יוליע! ערשט דעמאָלט וואָלט מיין געפיל געוואָרן ווערן ווען דער שריפה פון דיינע געפילן, און וואָלט זיך נאָך מוטיקער געטראָגן צו זיי. ער קושט איר הייס די הענט.

### יוליע

מענטש! דיין פנים ברענט מיט פיבער, ווי דיינע רייד! ווײַ, אויך פון מיינעם, איך פיל עס, שלאָגט אַ ווילד פאַרברעכעריש פייער.

לאָמיר אַרויס, וואו ס'איז ליכטיק, איך בעט דיך. די צערודערטע געפילן קאָנען נאָך דעם געפערלעכן וואונק פון דערדאָזיקער פינס־טערניש באַמערקן. אַוועק! דידאָזיקע יווירנדיקע בונטאַרעס קאָנען הינטערן רוקן פון דעם שעמעוודיקן טאָג נעמען זיך פאַר זייערע גאָט־לאָזע קונצן. גיי, וואו מענטשן זיינען, איך באַשווער דיך!

פ י ע ס ק אָ

שטיים צו.

דו האָסט אומויסטע זאָרג, מיין ליבע! קאָן דען די הערשערין מורא האָבן פאַר איר קנעכט?

י ו ל י ע

אַלץ איר, מאַנסביל, מיט אַייער אייביקן ווידערשפּרוך. גלייך ווי איר זייט ניט די געפערלעכסטע זיגער, ווען איר גיט זיך אָפּ אין געפאַנגענשאַפט צו אונזער אייגנליבע. זאָל איך מיך פאַר דיר אין אַלץ מודה זיין, פיעסקאָ? אַז נאָר מיין זינדיקייט האָט מיר ביז היינט פאַרהיט מיין טוגנד? אַז נאָר מיין גאווה האָט געלאַכט פון דיינע מאַטערנישן? אַז ביז אַהער האָבן מיך נאָר מיינע לעבנס־געזעצן אָפּגעהאַלטן? דו האָסט זיך מייאש געווען פון דיין כיטרע־קייט, און האָסט זיך גענומען ווירקן אויף יוליעס בלוט. איצט האָט עס מיך אַלץ פאַרלאָזן.

פ י ע ס ק אָ

לייכטזיניק.

און וואָס האָסטו פאַרלאָרן דערביי?

י ו ל י ע

אויפגערעגט און מיט היץ.

ווען איך גיב דיר אַוועק דעם שליסל צו מיין ווייבלעכן הייליק־טום, און דו קענסט מיך רויט מאַכן פון חרפה, ווען דו ווילסט? וואָס קאָן איך דעמאָלט פאַרלירן ווייניקער ווי אַלץ? ווילסטו נאָך עפּעס ויסן, לץ? דו ווילסט, איך זאָל דיר נאָך מודה זיין, אַז די גאַנצע געהיימע חכמה פון אונזער געשלעכט באַשטייט נאָר אין פאַרטיידיקן אונזער טויטשוואַכע זייט, וואָס נאָר זי אַליין ווערט באַלאַגערט דורך אַייערע שבועות, וואָס — איך בין מיך

מודה, רויט ווערנדיק פון בושה — וויל גערן באַצוואונגען ווערן און ניט זיך אָפּט איבער צום שונא ביי דעם ערשטן קרומען בליק פון דער טוגנד? אַז אַלע אונזערע ווייבלעכע קונצן באַשיצן נאָר דידאָזיקע שוואַכע פעסטונג, ווי אויפן שאָבברעט פאַרדעקן אַלע אָפּיצירן דעם אומבאַוואָפנטן קיניג? האָסטו אים געכאַפּט, איז — מאַט. נאָך אַ קורצער פויזע, ערנסט: אָט האָסטו דאָס בילד פון אונזער באַרימערישער אָרעמקייט — זיי גרויסמוטיק.

פּיעסקאָ

און דאָך, יוליע — וואו קענסטו בעסער באַהאַלטן דעמדאָזיקן אוצר, ווי אין מיין אומענדלעכער ליידנשאַפט?

יוליע

צוודאי ערגעץ ניט בעסער און ערגעץ ניט ערגער. הער, פּיעסקאָ! ווי לאַנג וועט געדויערן דידאָזיקע אומענדלעכקייט? אָ, איך האָב שוין צו אומגליקלעך געשפּילט, אַז איך זאָל נאָך דאָס לעצטע קענען ניט שטעלן אין קאָן. דיך צו פאַנגען האָב איך געלאָזן מיין חן, אָבער איך גלויב ניט אין זיין כוח דיך פעסטצוהאַלטן. אַך — וואָס רייד איך דאָ! זי טרעט אָפּ אויף צוריק און פאַרדעקט דאָס געזיכט מיט די הענט.

פּיעסקאָ

צוויי זינד אין איין כהרף עין. דער אומצוטרוי צו מיין געשמאַק, אָדער דאָס מאַיעסטעט־פאַרברעכן קעגן דיין ליבלעכקייט — וואָס פון דיביידע איז שווערער מוחל צו זיין?

יוליע

מאַט, הכנעהדיק, מיט ציטערדיקער שטים.

ליגנס — זיינען נאָר דער וואָפן פון גהינום. פּיעסקאָ דאַרף זיי שוין ניט מער, כדי צו לאָזן פאַלן זיין יוליע. זי פאַלט אָן קראַפט אויף אַ סאָפע; נאָך אַ פויזע, פייערלעך. הער, לאָמיר דיר נאָך איין וואָרט זאָגן, פּיעסקאָ. מיר זיינען העלדינעס, ווען מיר זיינען זיכער אין אונזער טוגנד; ווען מיר פאַרטיידיקן, זיינען מיר קינדער. קוקנדיק אים שאַרף און ווילד אין די אויגן. מיר זיינען פוריעס — ווען מיר נעמען פאַר איר נקמה. הער! און אויב דו וועסט מיך קאַלט־בלוטיק, פּיעסקאָ?

**פיעסקאָ**

*הייבט אָן ריידן מיט אַ צעריייצטן טאָן.*

קאַלטבלוטיק? קאַלטבלוטיק? נו, איך שווער ביי גאָט, וואָס פאָדערט דען די אומדערזועטלעכע גאווה פון אַ פרוי, אויב זי זעט, ווי דער מאַנסביל קריכט פאַר איר אַרום, און זי צווייפלט נאָך? אָ, ער דערוואַכט ווידער, איך פיל. *איבערגייענדיק צו אַ קאַלטן טאָן.* גוט, וואָס די אויגן האָבן זיך מיר נאָך באַצייטנס געעפנט. וואָס איז דאָס אַזוינס, וואָס איך האָב ערשט אַזוי געבעטלט? דער גרעסטער חסד פון אַ פרוי איז גאָרנישט קעגן דער קלענסטער דערנידערונג פון אַ מאַנסביל. *צו איר מיט אַ טיפער פראָסטיקער פאַרנייגונג.* באַרויִקט זיך, מאַדאַם, איצט זייט איר זיכער!

**װליע**

*שטאַרק צעמישט.*

גראַף, וואָס פאַר אַ ענדערונג?

**פיעסקאָ**

*אינגאַנצן גלייכגילטיק.*

ניין, מאַדאַם. איר זייט באמת גערעכט. מיר ביידע האָבן אונזער כבוד נאָר איינמאָל געקאָנט שטעלן אין קאָן. *קושט איר העפלעך אין האַנט.* איך וועל האָבן דעם פאַרגעניגן פאַר דער געזעלשאַפט צו דערווייזן מיין כבוד צו אייך. *וויל אַוועקגיין.*

**יוליע**

*לויפט נאָך אים, שלעפט אים צוריק.*

בלייב! דו ביסט משוגע? בלייב! איך דאַרף עס דען זאָגן, אַרויסזאָגן—אַרויסזאָגן דאָס, וואָס דער גאַנצער מאַנסבילשער געשלעכט וואָלט אויף די קני, אין טרערן, אונטער יסורים פון פייניקונג ניט געקענט פון מיין שטאָלץ אַרויסבאַקומען? ווײ, דידאָזיקע געדיכטע טונקלקייט איז אויך צו ליכטיק, אַז זי זאָל קענען פאַרבאָרגן די פלאַמענדיקע רויטקייט, וואָס דאָס מודה זיין זיך רופט אַרויס אויף מיינע באַקן... פיעסקאָ, איך בויער דורך דאָס האַרץ פון מיין גאַנצן געשלעכט — מיין גאַנצער געשלעכט וועט מיך אייביק האַסן. *איך באָט זיך דיר אַליין אָן, פיעסקאָ!* *פאַלט פאַר אים אַנידער.*

פיעסקאָ

טרעט אָפּ דריי טריט אויף צוריק, לאָזט זי ליגן און לאַכט זיך פונאַנדער מיט טריומף.

איך באַדויער אײַך, סיניאָראַ! ער טוט אַ צי דאָס גלעקל, ציט אַוועק דעם פאָרהאַנג און פירט אַרויס לעאָנאָרען. אָט איז מײַן ווייב—מײַן געט־לעבע פרוי! פאַלט צו לעאָנאָרען אין די אָרעמס.

יוליע

שפּרינגט אויף פון דער ערד מיט אַ געשריי.

אָ, מען האָט מיך באַטראָגן!

---

## דריצנטע סצענע

די פארשוואָרענע, וועלכע קומען אריין צוזאַמען. דאַמען פון דער צווייטער זייט. פיעסקאָ, לעאָנאָרע און יוליע.

### לעאָנאָרע

מיין מאַן, דאָס איז שוין צו שטרענג.

### פיעסקאָ

אַ בייז האַרץ פאַרדינט ניט ווייניקער. דיינע טרערן בין איך שול־דיק. געוועזן צו באַצאָלן מיט דערדאָזיקער באַפרידיקונג. צו דער פאַרזאַמלונג. ניין, מיינע הערן און דאַמען, איך בין ניט געוואוינט ביי יעדן צופאַל, וואָס עס מאַכט זיך, אָנצוצינדן זיך מיט קינדישע פלאַמען. די נאַרישקייט פון מענטשן פאַרווײַלט מיך לאַנג, איידער זי רייצט מיך אויף. זי פאַרדינט מיין גאַנצן צאָרן, וואָרעם זי האָט פאַר דעם־אָ מלאך צוגעגרייט דעמדאָזיקן גיפט. ער באַווייזט דעם גיפט פאַר דער פאַרזאַמלונג. אַלע טרעטן אָפּ מיט עקל.

### יוליע

דערשטיקט אין זיך איר צאָרן.

גוט! גוט! זייער גוט, מיין הער! וויל אַוועקגיין.

### פיעסקאָ

פירט זי פאַרן האַנט צוריק.

איר וועט אַזוי גוט זיין איינפוואַרטן, מאַדאַם. מיר זיינען נאָך ניט פאַרטיק. דידאָזיקע געזעלשאַפט איז זייער נייגעריק צו וויסן, ווי האָב איך אַזוי פאַרלאָרן מיין פאַרשטאַנד, וואָס איך האָב געשפילט דעם נאַרישן ראָמאַן מיט דער גרעסטער נאַרין פון גענוע.

### י ו ל י ע

דאָס איז ניט אויסצוהאַלטן! אָבער ציטער, דו! דראָענדיק. דאָריאַ דונערט אין געגנט. און איך—בין זיין שוועסטער!

### פ י ע ס ק אָ

גאַנץ שלעכט, אויב דאָס איז אַייער לעצטער גאַל. ליידער מוז איך אַייך ברענגען די בשורה, אַז פיעסקאָ פון לאַוואַניאַ האָט פון דער דיאַדעמע, וואָס אַייער ברודער האָט געגנבעט, אויסגעפלאָכטן אַ שטריק, אויף וועלכער ער האָט בדעה היינט ביינאַכט אויפֿ־הענגען דעם, וואָס האָט באַגנבעט די רעפובליק. זי ווערט טויט, און ער לאָכט זיך פונאַנדער מיט פאַראַכטונג. פוי, דאָס איז געשען פלוצ־לונג. און זעט איר נאָך ביים־דיקער דעריבער האָב איך נעפונען פאַר נייטיק צו געבן די אומגעבעטענע בליקן פון אַייער הויז אויף וואָס צו קוקן, דעריבער האָב איך מיך אָנגעטאָן באַווייזט אויף איר אין דערדאָזיקער אַרלעקענישער ליידנשאַפט, דעריבער ווייזט אויף לעאָנאָרען האָב איך געלאָזן דעמדאָזיקן בריליאַנט פאַלן, און מיין ווילדפרעט איז גליקלעך אַריינגעפאַלן אין דער אָפענער פ־סטקע. איך דאַנק אַייך פאַר אַייער ליבלעכקייט, סיניאָראַ, און נעם פון זיך אַראָפ די טעאַטראַלישע פוצעכץ. ער דערלאַנגט איר דעם סילועט אירן, פאַרבויגנדיק זיך נידעריק.

### ל ע אָ נ אָ ר ע

לאַשצעט זיך מיט געבעט צו פיעסקאָן.

מיין לודוויקאָ, זי וויינט. דיין לעאָנאָרע בעט דיך תחנונים...

### י ו ל י ע

מיט חוצפה צו לעאָנאָרען.

שוויינ, דו פאַרהאַסטע!

### פ י ע ס ק אָ

צו אַ באַדינטן:

זייי אַזוי גוט, פריינט, גיט דעדאָזיקער דאַמע אַייער האַנט, זי האָט חשק צו באַטראַכטן מיין מלוכה־תפיסה. דו וועסט מיר ענט־פערן, אויב עפעס וועט דער מאַדאָנע פאַרשאַדן. אין דרויסן איז

זייער אַ שלעכט וועטער, דער שטורעם, וואָס וועט היינט באַנאַכט צעברעכן דעם שטאַם פון דאָריאַ, קאָן איר נאָך—די פריזור פאַרדאַרבן.

### יוליע

כליפענדיק.

אַ מגפה אויף דיר, שוואַרצער! פאַלשער חונף! צו לעצאָנאַרען מיט צאָרן. פריי זיך ניט מיט דיין נצחון, ער וועט דיך אויך אויסראַטן, און זיך אַליין, און—ענדיקן מיט יאוש... לויפט אַרויס.

### פיעסקאָ

ווינקט צו די געסט.

איר זייט געוועזן עדות — ראַטעוועט זשע מיין ערע אין נענוע צו די פאַרשווערער. איר וועט נאָך מיר קומען, ווען דער האַרמאַט וועט אויסשיסן. אַלע דערווייפערן זיך.

---

## פערצנטע סצענע

לעאָנאָרע, פּיעסקאָ.

לעאָנאָרע

גייט צו אים צו דערשראָקן.

פּיעסקאָ! — פּיעסקאָ! — איך פאַרשטיי אַייך נאָר אויף דער העלפט, אָבער איך הייב אָן צו ציטערן.

פּיעסקאָ

מיט חשיבות.

לעאָנאָרע, איך האָב אַייך אַמאָל געזען גייענדיק פון דער לינקער זייט ביי אַ גענועזערין. איך האָב געזען, אויף די פאַרזאַמלונגען פון דעם אַדל האָט איר פאַר ליב אָנגענומען, ווען די ריטער האָבן אַייך דער צווייטער אין האַנט געקושט. לעאָנאָרע, די אויגן האָבן מיר דערפון וויי געטאָן. איך האָב באַשלאָסן, דאָס זאָל מער ניט זיין — און דאָס וועט אויפהערן. הערט איר דעם מלחמה-געשריי אין מיין שלאָס? דאָס, פאַרוואָס איר האָט מורא — איז וואָר. גייט לייגט זיך אין בעט, גרעפין, מאָרגן וועל איך אַייך אויפוועקן — די הערצאָגין.

לעאָנאָרע

פאַרברעכט די הענט און פאַלט אויף אַ שטול.

גאָט! דאָס האַרץ האָט מיר געזאָגט! איך בין פאַרלאָרן!

פּיעסקאָ

געזעצט, מיט ווערדע.

לאָז זיך מיר אויסריידן, מיין ליבע. צוויי פון מיינע אורעלטערן האָבן געטראָגן די דרייפאַכע קרוין. דאָס בלוט פון די פּיעסקאָס

פלייצט געזונט נאָר אונטערן פורפור. זאָל דען אַייער מאַן שיינען בלויז מיט דעם גלאַנץ פון ירושה? לעבעדיקער. וואָס? ער זאָל פאַר זיין גאַנצער היבקייט דאַנקען נאָר דעם אומזיכערן צופאַל, וואָס ער האָט אין אַ רגע פון גוטער לוין אויסגעקנאָטן פון צע־פוילטע פאַרדינסטן אַ יאָהאַן לודוויק פיעסקאָ? ניין, לעאָנאָרע, איך בין צו שטאָלץ אָנצונעמען פאַר אַ מתנה, דאָס וואָס איך קאָן אַליין קריגן. היינט ביינאַכט וואַרף איך מיינע אורעלטערן צוריק אין קבר די צירונג, וואָס זיי האָבן מיר געליען. די גראַפן פון לאַוואַניע זיינען געשטאָרבן, עס הייבן זיך אָן די פירשטן.

## לעאָנאָרע

שאָקלט מיטן קאָפּ, שפּיל חלומענדיק.

איך זע מיין מאַן מיט טיפע פויטלעכע וואונדן פאַלן צו דער ערד. כיט מער פאַרשטיקטער שטימע. איך זע, ווי די שטומע טרעגער ברענגען מיר אַנטקעגן דעם צעריסענעם קערפּער פון מיין מאַן. שפרינגט אויף דערשראָקן. די ערשטע — איינציקע קויל פליט דורך פיעסקאָס לעבן...

## פיעסקאָ

נעמט זי אָן פול מיט ליבשאַפט פאַר דער האַנט.

רויק, מיין קינד. די ערשטע קויל וועט עס ניט.

## לעאָנאָרע

קוקט אויף אים ערנסט.

אַזוי פאַרגלייבט אין זיך פרווט פיעסקאָ אויס דעם הימל? און ווען עס וואָלט נאָר פון טויזנט מאָל טויזנט פאַלן געוועזן מעגלעך אַזאַ איינער, קאָן דאָך דער איינער פון טויזנט מאָל טויזנט פאַר־קומען, און מיין מאַן איז פאַרלאָרן. געדענק, פיעסקאָ, דו שפּילסט זיך מיטן הימל! ווען עס זאָל זיין אַפילו אַ מיליאָן געווינסן אויף איינאיינציקן אָנוער, וועסטו דען זיין אַזוי פיל דרייסט צו שפּילן אין דער לאָטעריי און חוצפהדיק אָנהייבן זיך מיט גאָט? ניין, מיין מאַן! ווען אויף דער קאָרט איז אַלץ געשטעלט, איז יעדע שפּיל אַ גאָטלעסטערונג.

פ י ע ס ק אָ

שמייכלט.

האָב ניט קיין זאָרג! דאָס גליק איז צו מיר בעסער.

ל ע אָ נ אָ ר ע

דו זאָגסט עס, אין דו האָסט דאָך אַליין געזען די שפּיל, וואָס פרעסט אויף די נשמה. איר רופט עס אָן צייט-פּאַרטרייב. דו האָסט געזען די באַטריגערין, ווי זי האָט איר געליבטן פאַרנאַרט מיט קליינע געווינסן, ביז ער האָט זיך דערוואַרעמט, איז אויפגע-שטאַנען, גענומען פאָדערן דעם גאַנצן באַנק, און נאָכדעם מיט איין קאָרט אַריינגעוואָרפן אים אין פאַרצווייפלונג. אָ, מיין מאַן, דו גייסט דאָך ניט, כדי צו באַווייזן זיך פאַר די נעגעוזער און געליבטע צו זיין פון זיי. אויפוועקן רעפּובליקאַנער פון שלאָף, דערמאָנען דעם פערד אָן זיינע קאַפּיטעם — דאָס איז ניט קיין קלייניקייט, פיעסקאָ! געטרוי ניט די דאָזיקע מורדים. די קלוגע, וואָס העצן דיך אויף, האָבן פאַר דיר מורא. די נאַראָנים, וואָס פאַרגעטערן דיך, נוצן דיר ווייניק, און וואו איך טו נאָר אַ בליק, איז אומעטום פיעסקאָ פאַרלאָרן.

פ י ע ס ק אָ

גייט אַרום מיט שטאַרקע טריט איבערן צימער.

מוטלאָזיקייט איז די גרעסטע געפאַר. גרויסקייט דאַרף אויך האָבן אַ קרבן.

ל ע אָ נ אָ ר ע

גרויסקייט, פיעסקאָ? אַז דיין זשעני איז אַזוי פיינטלעך צו מיין האַרצן! זע, איך גלויב אין דיין גליק. דו וועסט זינן, ווייל איך זאָגן. איז דאַן ווייי צו מיר, דער עלנדסטער אין מיין געשלעכט. אומגליקלעך, אויב עס וועט זיך ניט אייננעבן, און אויב ס'וועט זיך איינגעבן — נאָך אומגליקלעכער! ניטאָ דאָ קיין אויסוואַל, מיין געליבטער! ווען ער וועט צו הערצאָג ניט דערגרייכן, איז פיעסקאָ פאַרלאָרן; מיין מאַן איז פאַרלאָרן, ווען איך וועל אַרומ-נעמען דעם הערצאָג.

פיעסקאָ

איך פאַרשטײ עס ניט.

לעאָנאָרע

יאָ, מײן פיעסקאָ! אין דער שטורעמדיקער אַטמאָספער פון דעם טראָן פאַרדאַרט דאָס צאַרטע פלאַנצונגל פון דער ליבע. דאָס האַרץ פון אַ מענטשן, און זאָל דער מענטש זײן אַפילו פיעסקאָ אַלײן, איז צו ענג פאַר צװײ אַלמעכטיקע געטער, געטער, װאָס זײנען אַזױ פרעמד אײנעם צום צװײטן. ליבע האָט טרערן און קאָן טרערן פאַרשטײן. הערשאַפט האָט קופערנע אױגן, אין װעלכע עס שײנט קײנמאָל ניט קײן מיטגעפיל. ליבע האָט נאָר אײן גוטס: איר גײט ניט אָן די גאַנצע איבעריקע װעלט. הערשאַפט הונגערט, אַפילו װען זי בּאַרױבט די גאַנצע נאַטור; הערשאַפט מאַכט חרוב די װעלט און פאַרװאַנדלט זי אין אַ תּפיסה. ליבע טרױמט זיך אין יעדן מדבר אױס אַ גן־עדן. װען דו װילסט זיך לאָזן פאַרװיגן בײ מײן ברוסט, קלאַפּט אָן אַן אומרויִקער װאַסאַל אין דער טיר פון דײן לאַנד. װען איך װיל מיך אין דײנע אָרעמס װאַרפן, דערהערט דײן מורא פון דעספּאָט אַ מערדער אַרױסרױשן פון הינטער די פאָרהאַנגען און טרײבט דיך אין אַ געלאַף פון צי־מער צו צימער. דער גרױסאױגיקער חשד שטעקט סוף כּל סוף אָן אַפילו דעם שלום־בית. װען דײן לעאָנאָרע װעט דיר איצט דער־לאַנגען אַ טרונק, װעסטו דעם בעכער אָפּשטױסן מיט אַ ציטערן און פאַרשילטן די צערטלעכקײט פון אַ גיפטמישערין.

פיעסקאָ

בלײבט שטײן אַ דערשראָקענער.

לעאָנאָרע, הער אױף! דאָס איז אַ העסלעך בילד!

לעאָנאָרע

אָבער דאָס בילד איז נאָך ניט געענדיקט. איך װאָלט געזאָגט: אָפּ־פער מיט דער ליבע פאַר דער גרױסקײט, אָפּפער מיט דער רו — װען פיעסקאָ זאָל נאָר בלײבן. גאָט! ס'איז װאו די צרה איז! זעלטן נײען מלאכים אַרױף אױפן טראָן, נאָך זעלטענער אַראָפּ. װער עס דאַרף ניט מורא האָבן פאַר אַ מענטשן, קאָן דען רחמנות האָבן אױף אַ מענטשן? װער עס קאָן, װען אים געלוסט זיך, װאַרפן

אַ דונער־פּייל, וועט ער דען נעפינען פאַר נייטיק צו מוטיקן אים מיט אַ נוטן וואָרט? זי ווערט אַנטשוויגן, דאַן גייט זי באַשיידן צו אים צו און נעמט זיין האַנט. מיט טיפער ביטערקייט. פירשטן, פיעסקאָ, דיראַזיקע אומגעלונגענע פּראָיעקטן פון דער וועלנדיקער נאָר ניט קענענדיקער נאַטור — שטעלן זיך אַזוי גערן צווישן דער מענטשהייט און דער נאַטור. שרעקלעכע באַשעפענישן! נאָך ערגערע שעפער!

פ י ע ס ק אָ

לויפט אומרויִק איבערן צימער.

לעאָנאָרע הער אויף! די בריק איז הינטער מיר אויפגעהויבן.

ל ע אָ נ אָ ר ע

קוקט אויף אים מאַט.

און דעריבער, מיין מאַן? נאָר מעשים קאָן מען ניט צוריק נעבען. צערטלעך און אַ ביסל שעלמיש. איך האָב דיך אַמאָל נעהערט שווערן, אַז מיין שיינהייט האָט אַלע דיינע פּלענער חרוב געמאַכט. דו האָסט פאַלש געשוואָרן, חונף, אָדער זי האָט צו פרי אָפּגעבליט... פרעג דיין האַרץ, ווער איז שולדיק? פייערדיקער, אַרומנעמענדיק אים מיט ביידע הענט. קום צוריק! דערמאָן זיך! זאָג זיך אָפּ! זאָל די ליבע דיר באַצאָלן. אויב עס קאָן מיין האַרץ ניט שטילן דיין אומגעהייערן הונגער — אָ, פיעסקאָ! וועט די קרוין נאָך אָרעמער זיין. לאַשטשענדיק זיך. קום! איך וועל אַלע דיינע פאַרלאַנגען אויסלערנען אויף אויסווייניק, איך וועל אַלע כישופן פון דער נאַטור צוזאַמענשמעלצן אין איין קוש פון ליבע, כדי דעם דערהויבענעם בורח אייביק צו פאַרהאַלטן אין די הימלשע קייטן — דיין האַרץ איז אומענדלעך, אויך דיין ליבע איז אַזוי, פיעסקאָ. צאַרט נליקלעך צו מאַכן אַן אָרעמע באַשעפעניש, אַ באַשעפעניש, וואָס זעט איר הימל אויף דיין ברוסט — צי דען קאָן עס איבערלאָזן אַ פוסטקייט אין דיין האַרצן?

פ י ע ס ק אָ

אויף דורך און דורך צעטרייסלט.

לעאָנאָרע! וואָס האָסטו געטאָן? ער פאַלט איר קראַפּטלאָז אויפן האַלדז. איך קאָן מער קיין געוועזער פאַר די אויגן זיך ניט באַווייזן.

## ל ע אָ נ אָ ר ע

פריידיק, שנעל.

לאָמיר אַנטלויפן, פיעסקאָ, לאָמיר אין שטויב וואַרפן די אַלע גלאַנציקע נישטיקייטן, לאָמיר אין ראָמאַנטישע פעלדער אינגאַנצן פאַר דער ליבע לעבן. זי דריקט אים צו איר האַרצן, מיט שיינער אַנטציקונג. אונזערע נשמות, קלאָרע ווי די פריילעכע בלויקייט פון הימל איבער אונז, וועלן דעמאָלט ניט אויפנעמען דעם שוואַרצן אָטעם פון בייז — אונזער לעבן וועט דעמאָלט רינען מעלאָדיש, ווי דער זינגענדיקער קוואַל צום שעפער. עס דערהערט זיך אַ שאָס פון אַ האַרמאַט. פיעסקאָ באַפרייט זיך פוי אירע הענט. אַלע פאַרשווערענע קומען אַריין אין זאַל.

---

# פופצנטע סצענע

---

די פאַרשווערונג.

די צייט שוין געקומען.

פיעסקאָ

צו לעאָנאָרען פעסט.

זיי געזונט! אויף אייביק, אָדער געגוע ליגט מאָרגן צו דיינע פיס־ וויל אַרויסלויפן.

בורגאָנינאָ

שרייט.

די גרעפין פאַלט! לעאָנאָרע פאַלט אין חלשות, אַלע לויפן צו איר אונטער־ צוהאַלטן זי. פיעסקאָ שטייט פאַר איר אויף די קני.

פיעסקאָ

מיט אַ שניידנדיקן טאָן.

לעאָנאָרע! ראַטעוועט! אומגאָטסווילן, ראַטעוועט! ראָזע, בעלע קומען צו לויפן. זי עפנט די אויגן. ער הייבט זיך אויף אַנטשלאָסן. איצט קומט זיי פאַרמאַכן ביי דאָריאַן.

אַלע פאַרשוואָרענע לויפן אַרויס פון זאַל. דער פאָרהאַנג פאַלט.

---

# פינפטער אַקט

נאָך האַלבער נאַכט. — די הויפּטגאַס אין גענויע. — דאָ און דאָרט לייכטן אין אייניקע הייזער לאָמפּן, וועלכע לעשן זיך כּסדר איינע נאָך די אַנדערע אויס. אין הינטערגרונט פון דער בינע זעט מען די סאַמאַס-טויער נאָך געשלאָסן, ווייט אין דער פּערספּעקטיוו — דעם ים. אייניקע מענטשן גייען אַרום מיט האַנטלאַמטערנעס איבער דעם פּלאַץ. נאָכדעם שומרים און פּאַטרולן.—אַלץ איז רויק. נאָר דער ים כוואַליעט זיך שטאַרק.

# ערשטע סצענע

פיעסקאָ, קומט אָן אַבאַוואָפּנטער און בלייבט שטיין פאַר דעם פּאַלאַץ פון אַנדרעאַס דאָריאַ. נאָכדעם אַנדרעאַס.

פיעסקאָ

דער אַלטער האָט געהאַלטן וואָרט — אין פּאַלאַץ זיינען אַלע ליכט אויסגעלאָשן. די וואַכן זיינען אַוועק. איך וועל קלינגען. שרייט. העי! האַלאָ! וואַך אויף, דאָריאַ! פאַרראַטענער, פאַרקויפטער דאָריאַ! וואַך אויף! האַלאָ! האַלאָ! וואַך אויף!

אַנדרעאַס

באַווייזט זיך אויפן באַלקאָן.

ווער האָט געקלונגען אין גלאָק?

פיעסקאָ

מיט געענדערטער שטימע.

פרעג ניט! גיי נאָך מיר! דיין שטערן גייט אונטער, הערצאָג, גענוע שטייט אויף קעגן דיר. אָט זיינען דיינע תּלינים נאָענט, און דו קאָנסט שלאָפן, אַנדרעאַס?

אַנדרעאַס

מיט שטאָלץ.

איך דערמאָן מיך, ווי דער צאָרנדיקער ים האָט זיך געקריגט מיט מיין בעלאָנע, אַזוי, אַז דער קיל האָט געקראַכט, און דער אייבער־שטער מאַסט האָט זיך געבראָכן — און אַנדרעאַס דאָריאַ האָט געשלאָפן רויק. ווער שיקט די תּלינים?

פ י ע ס ק אָ

אַ מענטש, וואָס איז שרעקלעכער פאַר דיין צאָרנדיקן ים, יאָהאַן לודוויק פּיעסקאָ!

אַ נ ד ר ע אַ ס

לאַכט.

דו מאַכסט שפּאַס, מיין פריינד. דו קום מיט דיין שפּאַס בייטאָג. האַלבע נאַכט איז ניט קיין פּאַסיקע צייט.

פ י ע ס ק אָ

דו לאַכסט פון דעם, וואָס וואָרנט דיך?

אַ נ ד ר ע אַ ס

איך דאַנק אים און גיי שלאָפן. פּיעסקאָ האָט זיך פאַרהוליעט, ער האָט ניט קיין איבעריקע צייט פאַר דאָריאַ.

פ י ע ס ק אָ

אומגליקלעכער אַלטער מאַן! געטרוי ניט דער שלאַנג. זיבן פאַרבן רינגלען זיך אויף איר גלאַנציקן רוקן. דו נענטערסט און געשווינט כאַפּט דיך אַרום דער טויטלעכער געווירבל. דו פאַראַכטסט דעם וואונק פון אַ פאַררעטער; לאַך אָבער ניט אויס די עצה פון אַ פריינט. אַ פערד שטייט געזאָטלט אין דיין הויף. אַנטלויף באַצייטנס. גרינגשעצ ניט דעם פריינט.

אַ נ ד ר ע אַ ס

פּיעסקאָ איז אַן איידלמאַן. איך האָב אים קיינמאָל ניט באַליידיקט, און פּיעסקאָ וועט מיך ניט פאַרראַטן.

פ י ע ס ק אָ

אַן איידלמאַן, פאַרראַט דיך און גיט דיר אַ באַווייז אויף ביידע זאַכן צוזאַמען.

אַ נ ד ר ע אַ ס

אויב אַזוי, שטייט דאָ אַ לייב-וואַך, וואָס קיין פּיעסקאָ וועט זי ניט גובר זיין, אויב נאָר מלאכים דינען ניט ביי אים.

פ י ע ס ק אָ

אָפּלאַכנדיק.

איך וואָלט מיט איר וועלן ריידן, אָפּצושיקן אַ בריוו אין דער אייביקייט.

אַ נ ד ר ע אַ ס

שטאָלץ.

אָרעמער לץ! דו האָסט דען קיינמאָל ניט געהערט, אַז אַנדרעאַס דאָריאַ איז אַלט אַכציק יאָר, און גענוג איז גליקלעך? פאַרלאָזט דעם באַלקאָן.

פ י ע ס ק אָ

קוקט אים פאַרגליווערט נאָך.

דאַרף איך פריער דעמדאָזיקן מענטשן אַראָפּוואַרפן, כדי נאָכדעם צו דערוויסן זיך, ווי שווער עס איז מיט אים צו גלייכן זיך? ווייס עטלעכע טריט אַרום הין און צוריק פאַרזונקען אין מחשבות. נו, איך האָב אַנטקעגן גרויסקייט אַוועקגעשטעלט גרויסקייט. זיינען מיר קוויט, אַנדרעאַס. און איצט ניי, פאַרדאַרבונג, טו דיין זאַך. גייט שנעל אַוועק אין אַ הינטערשטער גאַס. פייקן הילכן פון אַלע עקן. אַ שטאַרקער שלאַכט ביי דער טאָמאַס-טויער. די טויער ווערט אויפגעריסן, אין עס עפנט זיך אָפּ אַן אויסזיכט אויף דעם האַפן, וואו עס שטייען שיפן, באַלויכטענע מיט שטורקאַצן.

---

# צווייטע סצענע

דזשיאַנעטינאָ דאַריאַ אין אַרויטן מאַנטל. לאַמעלין.
באַדינער גייען פאָרויס מיט פאַקלען. אַלע האַסטיק.

דזשיאַנעטינאָ
בלייבט שטיין.
ווער האָט געהייסן שלאָגן אַליאַרם?

לאָמעלין
אויף די גאַלערעס האָט אויסגעשאָסן אַ האַרמאַט.

דזשיאַנעטינאָ
די שקלאַפן ווילן זייערע קייטן צערייסן. שאָסן ביי טאָמאַס טויער.

לאָמעלין
מען שלאָגט זיך דאָרט!

דזשיאַנעטינאָ
די טויער אָפן! די וואַך צערודערט! צו די באַדינער. גיכער, נישטן!
באַלייכט צום האַפן! אײַלט צו דער טויער.

## דריטע סצענע

ד י פ אַ ב ר י ק ע, ב ו ר נ אָ נ י נ אָ מ י ט ד י פ אַ ר ש ו ו אָ ר ע נ ע,
אָנקומענדיק פון טאָמאַס טויער.

ב ו ר נ אָ נ י נ אָ

סעבאַסטיאַן לאַסקאַראָ איז אַן ערלעבער סאָלדאַט.

צ ע נ ט ו ר י אָ נ ע

ער האָט זיך געשלאָגן ווי אַ בער, ביז ער איז אַנידערגעפאַלן.

ד ז ש י אַ נ ע ט י נ אָ

שפּרינגט אָפּ אויף צוריק.

וואָס הער איך דאָ? — שטיל!

ב ו ר נ אָ נ י נ אָ

ווער איז דאָרט מיט די פאַקלען?

צ ע נ ט ו ר י אָ נ ע

שטיל. אַייער פּאַראָל?

ד ז ש י אַ נ ע ט י נ אָ

ציט אַרוים דאָס שווערד. חוצפּהדיק.

אונטערטעניקייט און דאָריאַ.

ב ו ר נ אָ נ י נ אָ

שרייט היציק אוים

דויבער פון דער רעפּובליק און פון מיין כלה! צו די פאַרשוואָרענע,
אָנפאַלנדיק אויף דזשיאַנעטינאָ. פאַרשפּאָרט אַ גאַנג, ברידער! זיינע

שרים אַליין האָבן אים אַרויסגעבראַכט ער וואַרפט אים צו דער ערד אַ דערשטאָכענעם.

דזשיאַנעטינאָ

פאַלט, מיט אַ ברומען.

מאָרד! מאָרד! מאָרד! נעם נקמה פאַר מיר, לאָמעלין!

לאָמעלין און די באַדינער

אַנטלויפנדיק

העלפט! מערדער! מע־דער!

צענטוריאָנע

שרייט מיט אַ שטאַרקער שטים.

ער איז געטראָפן. פאַרהאַלט דעם גראַף! לאָמעלין ווערט פאַרהאַלטן.

לאָמעלין

קניטנדיק.

שוינט מיר דאָס לעבן, איך גיי אַריבער צו אייך!

בורגאָנינאָ

לעבט נאָך דיראָזיקע מיאוסע בריאה? דער פחדן מעג אַנטלויפן.

לאָמעלין אַנטלויפט.

צענטוריאָנע

די טאָמאַס טויער איז אונזערע. דזשיאַנעטינאָ — קאַלט. לויפט, ווי איר קענט, נאָר שנעל! זאָגט עס אָן פיעסקאָן!

דזשיאַנעטינאָ

הויבט זיך אויף אין קראַמפן

אַ מגפה! פיעסקאָ! שטאַרבט.

בורגאָנינאָ

רייסט אַרויס דאָס שווערד פון דעם טויטן קערפער.

גנעדיגע פריי, און מיין בעטטע אויך! דיין שווערד, צענטוריאָנע, און ס׳דאָזיקע פאַרבלוטיקטע וועסטו אָפּטראָגן צו מיין כלה. איר תפיסה איז צעוואָרפן. איך וועל קומען תיכף נאָך דיר און געבן איר מיין חופה־קוש. גייען גיך אַוועק אין פאַרשיידענע גאַסן.

---

## פערטע סצענע

אַנדרעאַס דאָריאַ דייטש.

דייטש

דער שטורעם האָט זיך אַריבערגעטראָגן אַהין. זעצט זיך אויפן פערד, הערצאָג!

אַנדרעאַס

לאָזט מיך נאָך איינמאָל אַ בליק טאָן אויף געגועס טורעמס און הימל! ניין. דאָס איז ניט קיין הלום, און אַנדרעאַסן האָט מען פאַרראַטן.

דייטש

שונאים אַרום און אַרום. לויפט אויף יענער זייט גרענעץ!

אַנדרעאַס

וואַרפט זיך אויפן קערפער פון זיין פלימעניק

דאָ וויל איך האָבן מיין רוה. זאָל מיר קיינער ניט ריידן וועגן אַנטלויפן! דאָ ליגט די שטיצע פון מיין עלטער. מיין וועג איז געענדיקט.

פונדערווייטנס באַווייזט זיך קאַלקאַניאַ מיט די פאַרשווערער.

דייטש

אָט זיינען דאָרט די מערדער! מערדער! לויף, אַלטער פירשט!

אַנדרעאַס

בשעת די פויקן הייבן ווידער אָן צו קלאַפן

הערט, אויסלענדער, הערט! דאָס זיינען גענועזער, וואָס זייער יאָך האָב איך צעבראָכן פאַרשטעלט זיך דאָס פנים אַזוי באַצאָלט מען אייך אין אייער לאַנד?

ד י י ט ש

לויפט! לויפט! לויפט! בשעת מיר װעלן מיט אונזערע דייטשע ביינער אויסשטשערבען זייערע מעסערס! קאַלקאַניאָ נעענטער.

אַ נ ד ר ע אַ ס

ראַטעוועט זיך אַליין! לאָזט מיך! שרעקט פעלקער מיט דער שרעקלעכער בשורה: נענוע האָט געטויט איר פאָטער!

ד י י ט ש

אַנטלויפט! ביז טויטן איז נאָך ווייט אַ ווײלע! קאַמעראַדן! שטייט! נעמט דעם הערצאָג אינדערמיט! ציען אַרויס די שווערדן. שמייסט אַריין אין די דאָזיקע איטאַליענישע הינט רעספעקט פאַר אַ גרייז־גראָען זקן.

ק אַ ל ק אַ נ י אָ

טרייט אוים.

ווער איז? וואָס איז דאָ?

ד י י ט ש ע ן

שניידנדיק

דייטשע קלעפ! טרעטן אַפּ שלאָנדיק זיך. דושיאַנעטינאָס קערפער טראָגן זיי אַוועק מיט זיך.

---

## פינפטע סצענע

לעאָנאָרע אין מאַנספּילשע קליידער. אַראַבעלע הינטער איר. ביידע גנבענען זיך דערשראָקענע.

אַראַבעלע

קומט צוריק, גנע יקע פרוי! אָ, קומט זשע צוריק...

לעאָנאָרע

דאָ קאָכט די מרידה... הער! דאָס איז ניט געווען קיין קרעכצן פון אַ גוסס? — ווײ! זיי רינגלען אים אַרום. — אויף פּיעסקאָס האַרץ ווײנען אָנגעשטעלט די רערן פון ווײערע ביקסן — אויף מיין האַרץ, בעלע! זיי דריקן אָן — וואַרט! וואַרט! דאָס איז מיין מאַן! שפּרייט די הענט אין דער לופטן.

אַראַבעלע

אָבער אום גאָטס ווילן! —

לעאָנאָרע

אַלץ נאָך אין האַלוציניאַציע שרייענדיק אויף אַלע זייטן.

פּיעסקאָ! פּיעסקאָ! פּיעסקאָ! זיי גייען פון אים אַוועק, זיינע חברים. — חברשאַפט פון מורדים איז ניט זיכער. שמאַרק דערשראָקן. מורדים פירט מיין מאַן? בעלע! הימל! מיין פּיעסקאָ קעמפט, ווי אַ מורד?

אַראַבעלע

אָבער ניין, סיניאָראַ, ווי געגועם פורכטבאַרער שופט!

לעאָנאָרע

אויפמערקזאַם.

דאָס איז שוין עפּעס... און לעאָנאָרע האָט געציטערט? דעם

ערשטן רעפּובליקאַנער האָט אַרומגענומען די שרעקעדיקסטע רע־
פּובליקאַנערין? — ניי, אַרעבעלע—ווען די מאַנסבילן שלאָגן זיך
פּאַר לענדער, דאַרפן אויך די פרויען פילן די ווערדע זייערע.
מען הייבט ווידער אָן צו פויקן. איך וואַרף מיך צווישן די קעמפּער!

אַ ר אַ ב ע ל ע

פאַרבערגט די הענט.

באַרעמהאַרציקער הימל!

ל ע אָ נ אָ ר ע

שטילער! אָן וואָס האָב איך אָפּגעשלאָגן די פיס. דאָ איז אַ הוט
און אַ מאַנטל. אַ שווערד ליגט אויך דערבײַ. יי יעגט עס. סאַר
אַ שווער שווערד, מײַן בעלע. אָבער שלעפּן קאָן איך עס נאָך,
און דאָס שווערד וועט ניט פאַרשעמען זײַן טרעגער.

מען קלינגט אין די שטורעם-גלאָקן.

אַ ר אַ ב ע ל ע

הערט איר? הערט איר? דאָס קלינגט מען פון דעם טורעם פון
די דאָמיניקאַנער. דערבאַרעם זיך, גאָט! ווי שרעקלעך דאָס איז!

ל ע אָ נ אָ ר ע

טרוימענדיק.

זאָג, ווי וואונדערלעך! מיט דעם שטורעמגלאָק רעדט זיך פּיעסקאָ
דורך מיט גענוע. מען פויקט שטאַרקער. הוראַ! הוראַ! קיינמאָל
האָבן מיר פליײטן ניט געקלונגען אַזוי זיס. אויך דידאָזיקע פויקן
באַלעבט מײַן פּיעסקאָ — ווי מײַן האַרץ שפּרינגט אין דער לופטן!
גאַנץ גענוע איז אויפגעמונטערט. אָנגעדונגענע שטראָמען נאָך זײַן
נאָמען, און זײַן ווייב זאָל זיך האַלטן פונדערווייטן? דריי אַנדערע
טורעמס הייבן אָן צו קלינגען. ניין! אַ העלדין זאָל מײַן העלד אַרומ־
נעמען! מײַן ברוטוס זאָל אַ רוימערין אַרומנעמען. טוט אָן דעם הוט
אויפן קאָפּ, וואַרפט אויף זיך אַרויף דעם רויטן מאַנטל. א ך בין פּאָרציע.

אַ ר אַ ב ע ל ע

גנעדיקע פרוי! איר ווייסט ניט, אַז איר רעדט פון היץ! ניין, איר
ווייסט עס ניט. שטורעמגלאָקן און פויקן.

לעאָנאָרע

אומגליקלעכע! דו הערסט עס אַלץ און רעדסט ניט פון היך! דידאָזיקע שטיינער וואָלטן געוואָלט וויינען, וואָס זיי האָבן ניט קיין פּיס צו שפּרינגען צו מיין פיעסקאָן — דידאָזיקע פּאַלאַצן צאָרענען אויף זייער בויער, וואָס האָט זיי צונעשמידט צו דער ערד, אַז זיי זאָלן ניט קענען אַוועקגיין נאָך פיעסקאָן. די בּרעגן, ווען זיי וואָלטן נאָר געקענט, וואָלטן אויפגעהערט צו דערפילן זייער חוב, וואָלטן איבערגעגעבן געגוע דער ווילקיר פון ים און אַוועקגעטאַנצט נאָך זיין פויק! צי דאָס אַפילו, וואָס וויקלט אַרוים דעם טויט פון זיינע ווינדעלעך, קאָן אויך דיין מוט ניט וועקן? ניי! איך וועל שוין אַליין געפינען מיין וועג.

אַראַבּעלע

גרויסער גאָט! איר מיינט דען דעמדאָזיקן קאַפּריז אַייערן באמת צו פאַרווירקלעכן?

לעאָנאָרע

שטאָלץ און הערזיש.

דאָס מיין איך, פייערדיק. אַהין, וואו דער טומל איז צומווילדסטן קאָכעדיק. וואו מיין פיעסקאָ אַליין קעמפט! „איז דאָס לאַוואַניאַ?"— הער איך, ווי זיי פרעגן, — „דער, וואָס קיינער קאָן אים ניט באַצווינגען, דער, וואָס שפּילט אויף געגוע אין אַייזערנע ביינדלעך,— איז דאָס לאַוואַניאַ?" — געגועזער! ער איז עס, — וועל איך זאָגן, — און דערדאָזיקער מענטש איז מיין מאַן, און איך האָב אויך אַ וואונד.

סאַקאָ מיט פאַרשוואָרענע קומען אָן.

סאַקאָ

רופט אוים.

ווער איז דאָ? דאָריאַ, אָדער פיעסקאָ?

לעאָנאָרע

באַגייסטערט.

פיעסקאָ און פרייהייט! זי לאָזט זיך לויפן אין אַ גאַס. אַ מיש-מאַש. בעלע ווערט אָפּגעשטופּט.

---

# זעקסטע סצענע

סאַקאָ מיט אַן עולם. קאַלקאַניאָ באַגעגנט אים אויך מיט אַן עולם

קאַלקאַניאָ

אַנדרעאַס דאָריאַ איז אַנטלאָפן.

סאַקאָ

די ערגסטע רעקאָמענדאַציע פאַר דיר ביי פיעסקאָן.

קאַלקאַניאָ

די בערן, די דייטשן. — זיי האָבן זיך אים קענגעשטעלט פאַר דעם אַלטן, ווי פעלזן. איך האָב אים אַפילו ניט אָנגעזען. ניין, אונזערע זיינען געבליבן אויפן אָרט. איך אַליין האָב באַקומען אַ שניט אין דעם לינקן אויער. אויב זיי טוען דאָס פאַר פרעמדע טיראַנען — צו אַלדי רוחות! טאָ ווי ושע באַוואַכן זיי שוין די אייגענע פירשטן?

סאַקאָ

מיר האָבן שוין איצט אַ פולע אָנהענגער, און אַלע טויערן זיינען שוין אונזערע.

קאַלקאַניאָ

אין שלאָס, הער איך, שלאָגט מען זיך שטאַרק.

סאַקאָ

בורגאָנינאָ איז צווישן זיי. וואָס טוט ווערינאָ?

קאַלקאַניאָ

ליגט צווישן נענוע און צווישן ים, ווי דער גהינומשער הונט אויפן קייט, אַזוי אַז קיין פישל קאָן זיך ניט דורכגנבענען.

סאַקאָ

איך גיי די פאָרשטאָט אויפהייבן.

קאַלקאַניאָ

איך גיי צו פיאַצאַ סאַרצאַנאַ. ריר זיך, פויקער! נייען ווייטער מיט פויקעריי.

---

# זיבעטע סצענע

דער פורין, אַ קאָמפּאַניע גנבים מיט פאַקעלן.

מורין

זאָלט איר עס וויסן, לאָבוסעס! איך בין דאָס געוועזן דער מענטש, וואָס האָט דידאָזיקע קאַשע פאַרקאָכט, און מיר האָט מען ניט געגעבן קיין לעפל. גוט! די מהומה געפעלט מיר גראָד. מיר וועלן אונטערצינדן און רויבן. דאָרט, אויבן, רייסט מען זיך פאַר אַ הער־צאָגטום, און מיר וועלן אונטערהייצן די קירכעס, אַז די דערפראָ־רענע אַפּאָסטעלן זאָלן זיך וואַרעמען. וואַרפן זיך אין די פרומיקע הייזער,

## אכטע סצענע

בורגאָנינאַ, בערטע איבערנעמאַן.

### בורגאָנינאָ

דאָ רו זיך אָפּ, מיין ליבער. דו ביסט דאָ אין אַ זיכערן אָרט.
בײַ דיר גייט בלוט?

### בערטע

געענדערט די שפּראַך,

ניין.

### בורגאָנינאָ

לעבהאַפט.

שטיי אויף. איך וועל דיך אַוועקפירן אַהין, יואו מען באַקומט
וואונדן פאַר גענוג — שיין, זעסטו? — ווי דיראַייקע. באַווייזט די
האַנט.

### בערטע

טרעט אָפּ אויף הינטער.

אָ, הימל!

### בורגאָנינאָ

דו האָסט זיך דערשראָקן? קליינער, צו גיך אַיילסטו זיך צו ווערן
אַ מאַן. ווי אַלט ביסטו?

### בערטע

פופצן יאָר.

### בורגאָנינאָ

שלעכט. אויף פינף יאָר צו יונג פאַר הייַנטיקער נאַכט. ווער איז
דיין פאָטער?

ב ע ר ט ע

דער בעסטער בירגער אין גענוע.

ב ו ר ג אָ נ י נ אָ

ניט געאַיילט זיך, יינגל! אַזאַ איז נאָר איינער, און זיין טאָכטער איז מיין כלה. ווייסטו דאָס הויז פון ווערינאָ?

ב ע ר ט ע

איך מיין.

ב ו ר ג אָ נ י נ אָ

ראַש.

און דו קענסט זיין געטלעכע טאָכטער?

ב ע ר ט ע

בערטע הייסט זיין טאָכטער.

ב ו ר ג אָ נ י נ אָ

היציק.

תיכּף גיי און גיב איר איבער דעמדאָזיקן רינג. „דאָס איז אַזוי גוט ווי אַ קדושין־רינג" — זאָלסטו איר זאָגן, „און די בלויע פעדער האַלט זיך בראַוו". איצט גיי געזונט! איך מוז גיין אַהין. די סכּנה איז נאָך ניט פאַרביי. עטלעכע הייזער ברענען.

ב ע ר ט ע

רופט אים מיט אַ זאַנפטער שטימע.

סציפּיאָ!

ב ו ר ג אָ נ י נ אָ

שטעלט זיך אַ פאַרוואונדעטער

איך שווער ביי מיין שווערד! איך קען די שטימע!

ב ע ר ט ע

פאַלט אים אויפן האַלז.

איך שווער ביי מיין האַרצן. איך קען דיך אויך!

ב ו ר ג אָ נ י נ אָ

שרייט.

בערטע!

שטורעמקלאַנגען אין דער פאַרשטאָט. אַן אויפגעלאַף. ביידע אומגעאַרעמט פאַרלירן זיך אין עולם.

---

## נײַנטע סצענע

פּיעסקאָ קומט אַרײַן אין כּעס, ציבאָ, די סווישע.

פּיעסקאָ

װער האָט אונטערגעצונדן?

ציבאָ

דער שלאָס איז באַצוואונגען.

פּיעסקאָ

װער האָט עס אונטערגעצונדן?

ציבאָ

װענדנדיק זיך צו דער סוויטע

פּאַטרולן נאָך די אונטערצינדער! אייניקע גייען אַוועק.

פּיעסקאָ

צאָרנדיק.

זיי ווילן מיר מאַכן פאַר אַן אונטערצינדער? גיכער נעמט זיך פאַר די פּאָמפּעס און פאַר די עמער! די סוויטע גייט אַוועק. אָבער דזשיאַנעטינאָ האָט מען געכאַפּט?

ציבאָ

אַזוי זאָגט מען.

פּיעסקאָ

ווילד.

נאָר מען זאָגט? ווער זאָגט עס נאָר? ציבאָ, פון אײַער ערע וועגן! צי דען איז ער אַנטלאָפן?

צ י ב אָ

באַטראַכט זיך. -

אויב איך מעג מער גלויבן מיינע אויגן איידער די ווערטער פון אַן אַדעליקן, לעבט דזשיאַנעטינאַ.

פ י ע ס ק אָ

אָנגעצונדן.

איר רעדט װעגן אַייער אייגענעם קאָפּ, ציבאָ!

צ י ב אָ

נאָך אַמאָל: איך האָב אים געזען מיט אַכט מינוט צוריק אַ לע־בעדיקן מיט אַ געלן פעדער און אין רויטן אַרומגייענדיק.

פ י ע ס ק אָ

אויסער זיך.

הימל און גהינום! — ציבאָ! בורגאָנינאָ װעל איך לאָזן מיט אַ קאָפּ קירצער מאַכן. — פליט, ציבאָ! זאָל מען אַלע שטאָט־טויערן פאַרשפאַרן. אַלע שיפלעך זאָל מען באַשיסן, װעט ער ניט קאָנען אַװעק איבערן װאַסער. דעמדאָזיקן דימענט, ציבאָ, דעם טייערסטן אין גענוע, לוקאַ, װענעדיג און פיזאָ — װער עס ברענגט מיר די ידיעה: דזשיאַנעטינאָ איז טויט — יענער זאָל דעמדאָזיקן דימענט באַקומען. ציבאָ גייט גיך אַװעק. פליט, ציבאָ!

---

## צענטע סצענע

פיעסקאָ, סאַקאָ, דער מורין, סאָלדאַטן.

סאַקאָ

דעם מורין האָבן מער געפונען וואַרפנדיק אַ ברענענדיקן פאַקל אין דעם יעזויטן־קלויסטער.

פיעסקאָ

דיין פאַררעטעריי איז דיר אָפּגעגאַנגען גלאַט, ווייל זי האָט מיך געטראָפן. אָבער פאַר אונטערצינדער איז גרייט די שטריק. פירט אים גלייך אַוועק און הענגט אים אויף אויף דער טויער פון דער קירך.

מורין

טפו, טפו, טפו! דאָס געפעלט מיר גאָר ניט. אפשר קאָן מען עפעס דערפון אָפּשרייען?

פיעסקאָ

גאָרנישט.

מורין

פאַרטרויליך

שיקט מיך דאָס מאָל אויף די גאַלערעס, פון אַ פראָבע וועגן.

פיעסקאָ

גיט אַ צייכן צו די איבעריקע.

אויף דער תּליה!

מ ו ר י ן

חוצפהדיק.

ווײל איך װערן אַ קריסט!

פ י ע ס ק אָ

די קירך דאַנקט דיר פאַר די געצנדינערישע בלאָטערן.

מ ו ר י ן

מיט חניפה.

שיקט מיך לפּחות אַריבער אין דער אײביקײט אַ שיכּורן.

פ י ע ס ק אָ

אַ ניכטערן.

מ ו ר י ן

אָבער הענגט מיך ניט אויף קײן קריסטלעכער קירך.

פ י ע ס ק אָ

אַ ריטער האַלט װאָרט. איך האָב דיר צוגעזאָגט אַן אײגענע תּליה.

ס אַ ק אָ

גענוג צו רײדן נאַרישקײט, געצנדינער! ניטאָ קײן צײט!

מ ו ר י ן

נאָר אויף יעדן פאַל, אויב די שטריק װעט פּלאַצן?

פ י ע ס ק אָ

צו סאַקאָ

מען זאָל די שטריק צונויפפלײגן אינצװײען.

מ ו ר י ן

רעזיגנירט.

נו, זאָל זײן אַזױ. דער טײװל דאַרף זײן גרײט צו יעדן עקסטרע־פאַל. גײט אַװעק מיט די סאָלדאַטן, װעלכע הענגען אים אויף אַ ביסל װײטער פון דעם אָרט.

---

# עלפטע סצענע

פּיעסקאַ. לעאָנאָרע. באַווייזט זיך הינטער איר אין דזשיאַ־נעטינאָס רויטן מאַנטל.

## פּיעסקאָ

באַמערקט זי, מוט זיך אַ וואָרף מורמלענדיק אין צאָרן.

קען איך דען ניט דידאָזיקע פעדער און דעם מאַנטל? גייט גיך צו נענטער, צאָרנדיק. איך קען די פעדער און דעם מאַנטל. וואַרפט זיך אויף איר אין גרימצאָרן און דערשטעכט זי. אויב דו האָסט דריי לעבנס, טאָ שטיי ווידער אויף און וואַנדל אַרום! לעאָנאָרע פאַלט מיט אָפגעריסע־נעם געשריי. ס'הערט זיך אַ זיגמאַרש, פויקן, הערנער און האָבאָיען.

# צוועלפטע סצענע

---

פיעסקאָ, קאַלקאַניאַ, סאַקאָ, צענטוריאָנע, ציבאָ, סאָלדאַטן. טרעטן אויף מיט מוזיק און מיט פאָנען.

## פיעסקאָ

גייט זיי אַנטקעגן טריומפירנדיק.

דער גורל איז געוואָרפן! אָט ליגט ער, דער וואָרם פון מיין נשמה. די שפּייז פון מיין האַס. הייבט די שווערדן הויך! דאָס איז דושיאַנעטינאָ!

## קאַלקאַניאָ

און איך קום אייך צו זאָגן, אַז צוויי דריטל פון גענוע זיינען אַריבער אויף אייער זייט און שווערן צו פיעסקאָס פאָן.

## ציבאָ

און דורך מיר שיקט ווערינאָ פון אַדמיראַל־שיף זיין גערוס און די הערשאַפט איבערן האַפן און ים.

## צענטוריאָנע

און דורך מיר דער גובערנאַטאָר פון שטאָט — זיין קאָמאַנדאָ־שטאָק און די שליסלען.

## סאַקאָ

און אין מיין פּערזאָן וואַרפט זיך אַנידערפאַלנדיק דער קליינער און דער גרויסער ראַט פון דער רעפּובליק פאַר זיין האַר און בעט אויף די קני גנאָד און שוינונג.

קאַלקאַניאָ

לאָזט מיך זיין דער ערשטער, וואָס באַגריסט דעם גרויסן זיגער אין זיין שטאָט — הוראַ! לאָזט אַראָפּ די פאָנען — הוראַ, הערצאָג פון גענואַ!

אַלע

טוען אויס די היט

הוראַ! הוראַ, הערצאָג פון גענוע! פאָנען-מאַרש:

פיעסקאָ

שטייט די גאַנצע צייט דעם קאָפּ אַראָפּגעלאָזן אויף דער ברוסט, פאַרזוני-קען אין מחשבות.

קאַלקאַניאָ

פאָלק און סענאַט שטייען און וואַרטן צו באַגריסן זייער אייבערהאַר אין פירשטלעכער קליידונג. דערלויבט אונז, דורכלויכטיקסטער הערצאָג, אייך אָפּצופירן מיט טריומף אין דער סינאָריע.

פיעסקאָ

דערלויבט מיר פריער צו פאַרבלייבן מיט מיין האַרצן. איך האָב געמוזט אַ געוויסע טייערע פערזאָן איבערלאָזן אין פאַרגעפילן פון מורא, — אַ פערזאָן, וועלכע דאַרף מיט מיר טיילן דעם רום פון דערדאָזיקער נאַכט. גערירט, צו די אַרומיקע. זייט אַזוי גוט און באַגלייט מיך צו אייער ליבלעכער הערצאָגינע! ער וויל גיין.

קאַלקאַניאָ

זאָל דער מנוול דאָ ליגן און פאַרהוילן זיין שאַנד אין דעמדאָזיקן ווינקל?

צענטוריאָן

שטעקט אַרויף זיין קאָפּ אויף אַ האַלעבאַרדע!

ציבאָ

זאָל זיין צעריסענער קערפּער קערן אונזער ברוק! מען באַלייכט דעם בר-מינן.

קאַלקאַניאָ

דערשראָקן און שטיל

זעט נאָר, גענועזער! דאָס איז — כ'שווער ביי גאָט! — ניט דושיאַנעטינאָס פּנים. אַלע קוקן פאַרגליווערט אויף דעם טויטן.

**פ י ע ס ק אָ**

בלייבט שטיין, וואַרפט פון דער קרים אַ פאָרשנדיקן בליק אויף דעם טויטן און ווענדט אים אָפּ לאַנגזאַם און ציטערנדיק.

ניין, טייזל! ניין, דאָס איז ניט דזשיאַנעטינאָס געזיכט. דרייט מיט די אויגן אַרום. געווע איז מ י י נ ע, זאָגט איר? מיינע? מיט גרימ־צאָרן, און אַ שרעקלעכן געשריי. אַ פאַרבלענדעניש פון גהינום! דאָס איז מיין ווייב! פאַלט ווי פון אַ דונער דערשלאָגן, אויף דער ערד. די פאַר־שוואַרצנע שטייען אין פויטער שטילקייט, אין דערשראָקענע גרופּעס.

**פ י ע ס ק אָ**

הייבט זיך לאַנגזאַם אויף. מיט פאַרשטיקטער שטימע.

דאָס האָב איך מיין ווייב געטויט. געגוועזער? איך באַשווער אייך, קוקט ניט אַזוי ווי די מתים אויף דער דאָזיקער שפּיל פון דער נאַטור. געלויבט איז גאָט! פאַראַן צופאַלן, פאַר וועלכע דער מענטש דאַרף ניט מורא האָבן, ווייל ער איז מער ניט ווי אַ מענטש. פון וועמען עס איז פאַרמיטן ס׳געטלעכע אַנטציקן, יענעם קאָן מען ניט פייניקן מיט די פיינען פון גהינום. דערדאָזיקער טעות וואָלט שוין געווען אַ צו גרויסער. מיט שרעקלעכער רויקייט. געגוועזער! נאָך צו דאַנקען, עס קאָן ניט זיין!

## דרייצנטע סצענע

פֿאַריקע אַראַבעלאַ קומט אָן, קלאָגנדיק.

### אַראַבעלע

זאָל מען מיך איצט טויטן, וואָס האָב איך שוין צו פֿאַרלירן? האָט רחמנות, איר מענטשן! דאָ האָב איך איבערגעלאָזן מיין גנעדיקע ווירטין, און קאָן זי מער ערגעץ ניט געפֿינען.

### פּיעסקאָ

גייט צו איר צו נענטער, מיט שטילער, ציטערדיקער שטים.

לעאָנאָרע הייסט דיין ווירטין?

### אַראַבעלע

דערפֿרייט.

אָ, דאָס ווייט איר, מיין ליבסטער גוטער, גנעדיקער הער! — זייט ניט ברוגז אויף אונז, מיר האָבן זי ניט געקענט אָפּהאַלטן.

### פּיעסקאָ

מיט אַ פֿאַרשטיקטן צאָרנדיקן טאָן.

דו פֿאַרהאַסטע! אָפּהאַלטן פֿון וואָס?

### אַראַבעלע

אַז זי זאָל ניט נאָכגיין —

### פּיעסקאָ

שטאַרקער.

שווייג! וואוהין נאָכגיין?

ארַאבעלע

אין המון.

פּיעסקאָ

אין גרימצאָרן.

זאָל דיין צונג פאַרוואַנדלט ווערן אין אַ קראָקאָדיל! ווי איז זי נעוועזן אָנגעטאָן?

ארַאבעלע

אין אַ רויטן מאַנטל.

פּיעסקאָ

צוטרעטנדיק צו איר מיט צאָרן.

גיי אין דעם נייַנטן קרייז פון גהינום! וואו האָט זי גענומען דעם מאַנטל?

ארַאבעלע

ער איז דאָ געלעגן אויף דער ערד.

עטלעכע פאַרשווערער

מורמלען.

דזשיאַנעטינאָ איז דאָ דערהרגעט געוואָרן —

פּיעסקאָ

אָפּטרעטנדיק טויט מיד, צו אַראַבעלען.

דיין ווירטין איז געפונען. אַראַבעלע גייט אַוועק פול מיט שרעק. פּיעסקאָ זוכט מיט בלאָנדזשענדיקע אויגן אַרום זיך, נאָכדעם מיט שטילער שטים, וועלכע גייט ביסלעכווייז איבער אין אַ געשריי. ס'איז אמת, אמת. און איך בין דאָס געווער פון דעם פאַרברעכן. האַקנדיק מיט דעם שווערד אַרום זיך ווי אַ חיה. אַוועק, מענטשלעכע געזיכטער! מיט פרעכן צייַנקריצן קעגן הימל. ווען איך וואָלט נאָר זיין וועלט געהאַט צווישן די ציין! איך פיל מיך פעיִק די גאַנצע נאַטור צו צעמורשטן, ביז זי זאָל באַקומען אַ פּנים, ווי מיין ווייטאָג. צו די איבעריקע, וואָס שטייען אַרום ציטערנדיק. מענטש! ווי ער שטייט עס דאָ איצט, דער נעבעכדיקער נעשלעכט, און שעצט זיך גליקלעך, וואָס ער איז ניט ווי איך — ניט ווי איך! אַריינגעפאַלן אין שטאַרקער פרייסלעניש. איך האָב אַליין דעם קלאַפּ... ווילד. איך? פאַרוואָס איך? פאַרוואָס ניט

מיט מיר אויך דיראָזיקע? פאַרוואָס זאָל איך מיין ווייטאָג ניט קאָנען אָפּטעמפּן אָן דעם ווייטאָג פון אַ צווייטן נפש?

## קאַלקאַניאָ

*מיט מורא.*

מיין טייערער הערצאָג...

## פּיעסקאָ

*טרעט צו אים צו מיט אימהדיקער פרייד.*

אָ, ברוך הבא! דאַנקען גאָט, אָט איז איינער, וואָס דערדאָזיקער דונער האָט אים אויך צוגעקוועטשט! *דריקנדיק קאַלקאַניאָן אין זיינע אָרעמס משוגענערווייז.* ברודער צעשמעטערער! זאָל דיר וואויל באַקומען די קללה! זי איז טויט! דו האָסט זי אויך געליבט! *ער שלעפּט אים צו צו דעם טויטן קערפּער און בויגט אים אָן דעם קאָפּ צו איר.* זיי אומגליקלעך, זי איז טויט! *קוקט פּאַר אין אַ ווינקל.* אָ, ווען איך שטיי ביי דער טויער פון קללה! ווען מיין אויג זאָל אָנקוקן די פּאַרשיידענע עינויים פון דעם זינרייכן גהינום, מאַכן מיין אויג צו אָרגן פאַר די יללות פון די צעמורשטענע זינדיקע — ווען איך וואָלט געקאָנט זען מיין פּיין — ווער ווייס, איך וואָלט אים אפשר געקענט איבערטראָגן. *מיט אימה צוגייענדיק צו דעם בר־מינן.* מיין ווייב ליגט דאָ דערהרגעט. ניין, דאָס זאָגט נאָך ווייניק. *אויסדריקלעכער.* איך, דער פאַרברעכער, האָב מיין ווייב דערהרגעט. *טפו,* אָט וואָס אַזוינס קאָן קוים דעם גהינום קיצלען. פריער האָט ער מיך אַרויפגעהויבן קונציק אויף דער העכסטער גליטשיקסטער שווינדלדיקסטער הויך פון פרייד, פאַרנאַרט ביז דער שוועל פון הימל, און נאָכדעם — אַראָפּ... נאָכדעם — אָ, ווען מיין אָטעם וואָלט אַ מגפה אַריינגעבלאָזן אין מענטשן — נאָכדעם, נאָכדעם דערהרגע איך מיין ווייב — ניין! *ניין,* זיין וויץ איז נאָך פיינער — נאָכדעם. *מיט פאַראַכטונג.* האָבן צוויי אויגן אַ טעות, און *מיט שרעקלעכן אויסדרוק* איך — דערהרגע — מיין ווייב! *בייז שמייכלענדיק.* דאָס איז אַ קונציקע זאַך!

*אַלע פאַרשוואָרענע שטייען גערירטע אָנגעשפּאַרט אויף זייער וואָפן. איניקע ווישן די טרערן פון די אויגן. שטיל.*

## פיעסקאָ

דערשעפּט און שטילער, קוקנדיק אַרום זיך אין קרייז.

עמעצער וויינט דאָ? יאָ, ביי גאָט! די וואָס האָבן אַפּירשט דערוואָרגן, וויינען! אין שטילן פּיין. רעדט! איר וויינט צוליב דעמדאָזיקן גרויסן פאַרראַט פון טויט, אָדער צוליב דער מפּלה פון מיין גייסט? ערנסט און רירנד פאַר דער טויטער שפּייענדיק. וואו מערדער וועדן צעשמאָלצן אין זודיקע טרערן, דאָרט פּליסט פּיעסקאָס פאַרצווייפלונג! לאָזט זיך לעבן איר אַראָפּ וויינענדיק. לעאָנאָרע, פאַרגיב!... מיט צאָרן קאָן מען דעם הימל ניט נויטן צו חרטה. ווייך, מיט ווייטאָג. מיט יאָרן פאָראויס, לעאָנאָרע, האָב איך גענאָסן דעם יום־טוב פון דער שעה, ווען איך וועל צו די געגוועזער ברענגען זייער הערצאָגינע. ווי ליבלעך פאַרשעמט האָב איך שוין געזען דיינע באַקן גערויטלט, ווי דיין ברוסט הויבט זיך פּירשטלעך שוין אונטער דעם זילבערנעם פלאָר, ווי אָנגענעם דיין קינדישע שטימע רייסט זיך איבער פון אַנטציקונג. לעבעדיקער. אָ, ווי פאַרשיכורנדיק האָט מיר שוין געקלונגען אין די אויערן דער שטאָלצער רוף! ווי האָט זיך דער נצחון פון מיין ליבע געשפּיגלט אין דער פאַלנדיקער קנאה! — לעאָנאָרע! — די שעה איז געקומען — געגוועס הערצאָג איז דיין פּיעסקאָ — און געגוועס ערגסטער בעטלער וואָלט אַ טראַכט געטאָן, צי ער זאָל זיין פאַראַכטונג אויסבייטן אויף מיין פּיין און אויף מיין פּורפּור. רירנדער. זיין ווייב טיילט מיט דעם מאַן זיין צרה — מיט וועמען זאָל איך מיין גרויסקייט טיילן? ער וויינט שטאַרק און באַהאַלט זיין געזיכט אויף דער טויטער. מיטלייד אויף אַלעמענס פּנימער.

## קאַלקאַניאָ

זי איז געווען אַ זעלטענע פרוי.

## ציבאָ

מען דאַרף דעם טרויעריקן צופאַל פונם פאָלק פאַרהוילן. ער וועט נאָך ביי אונזערע אָפּנעמען דעם מוט, און אָפּגעבן אים צו אונזערע שונאים.

## פ י ע ס ק אָ

שפּיִיט אַיִף פּעסט, זיך גובר געװיעןַ.

הערט, גענועזער! די השגחה — אויב איך פֿאַרשטיי איר וואונק, האָט מיר נעמאַכט די וואונד, נאָר כּדי אויסצופּרוּוון מיין האַרץ פֿאַר דער נאָענטער גרויסקייט. דאָס איז די שרעקלעכסטע פּראָבע. איצט האָב איך שוין ניט מורא ניט פֿאַר פּיין, ניט פֿאַר אַנטציקן. קומט! גענוג וואַרט אויף מיר, פֿרעגט איר? איך וויל גענוג שענקען אַ פּירשט, וואָס קיין איינראָפּער האָט נאָך אַזעלכן ניט געזען.— קומט! דערדאָזיקער אומגליקלעכער פּירשטין וועל איך מאַכן אַזאַ קבורה־פֿייערלעכקייט, אַז דאָס לעבן וועט זיינע ליבהאָבער פֿאַרלירן, און די פֿאַרניכטונג וועט שיינען ווי אַ כּלה. איצט גייט נאָך אַייער הערצאָג! גייט אַוועק מיט אַ פּאָנעגמאַרש.

---

## פערצנטע סצענע

---

אַנדרעאַס דאָריאַ. לאָמעלין.

אַנדרעאַס

אַהין האָבן זיך דורכגעטראָגן זייערע פריידגעשרייען.

לאָמעלין

זייער גליק האָט זיי פאַרשיכורט. די טויערן זיינען געבליבן אומ־באַשיצט. אַלע שטראָמען צו דער סינאָריע.

אַנדרעאַס

נאָר פאַר מיין פלימעניק האָט דער פערד מורא געהאַט. מיין פלי־מעניק איז טויט. הערט, לאָמעלין...

לאָמעלין

וואָס? נאָך? נאָך האָפט איר, הערצאָג?

אַנדרעאַס

ערנסט.

ציטער דו פאַר דיין לעבן, ווייל דו לאַכסט פון מיר, „הערצאָג", ווען איך דאַרף אַפילו שוין ניט האָפן.

לאָמעלין

גנעדיקסטער הער. אַ ברוויזנדיקע נאַציע ליגט אין פיעסקאָס שאָל, וואָס ליגט אין אַייערער?

אַנדרעאַס

געהייבן און ווארעם.

דער הימל.

ל אָ מ ע ל י ן

שפּאָטיש צוקנדיק. מיט די אַקסלען.

זינט פּולווער איז אויסגעטראַכט געוואָרן, באַטייליקן זיך קיין מלאכים ניט מער אין מלחמות.

אַ נ ד ר ע אַ ס

נעבעכדיקע מאַלפּע, וואָס וויל ביי אַ פאַרצווייפלענדיקן זקן נאָך אָפּנעמען זיין גאָט. ערנסט און באַפעלעריש. גיי, מעלד, אַז אַנדרעאַס לעבט נאָך. אַנדרעאַס, זאָלסטו זאָגן, בעט זיינע קינדער, מען זאָל אים צו זיין אַכציקסטן יאָר ניט פאַרטרייבן צו די אויסלענדער, וועלכע וועלן אים קיינמאָל ניט מוחל זיין דעם בליענדיקן צושטאַנד פון זיין פאָטערלאַנד. זאָג זיי דאָס, אַז אַנדרעאַס בעט זיינע קינדער וועגן אַ קליין ביסעלע ערד אין זיין פאָטערלאַנד פאַר אַ קליין ביסעלע ביינער.

ל אָ מ ע ל י ן

איך הער, אָבער איך בין אין ספק. וויל גיין.

אַ נ ד ר ע אַ ס

וואַרט. און נעם מיט זיך דעמדאָזיקן גרייז-גראָען לאָק פון מיינע האָר. דאָס איז געווען דער לעצטער, זאָלסטו זאָגן, אויף מיין קאָפּ, און איז אַראָפּגעפאַלן אין דער נאַכט פונם דריטן יאַנואַר, ווען גענוע האָט זיך אָפּגעריסן פון מיין האַרצן; ער האָט אַכציק יאָר זיך געהאַלטן, און האָט דעם קאָפּ מיט אַ פליך געלאָזן אויפן אַכציקסטן יאָר. דער לאָק איז האַרט, אָבער גענוג שטאַרק צוצובינדן דעם פּורפּור אויף דעם שלאַנקן יונג. גייט אַוועק מיט אַ פאַרמאַכטן געזיכט. לאָמעלין איילט אין אַן אַנטקעגנדיקער גאַס, עס הערט זיך אַ טומלדיקער פרייד-געשריי און טראָמייטן מיט פּויקן.

---

# פופצנטע סצענע

וועירינאַ פונם האָפן. בערטאַ און בורגאָנינאַ.

וועריניאַ

פריידנגעשרייען. לכבוד וועמען?

בורגאָנינאַ

זיי מאַכן פיעסקאָן פאַר אַ הערצאָג.

בערטאַ

דריקט זיך מיט שרעק צו בורגאָנינאַ.

מיין פאָטער זעט אויס שרעקלעך, סציפּיאָ!

וועריניאַ

לאָזט מיך אַליין, קינדער! אָ, גענוג! גענוג!

בורגאָנינאַ

דער המון פאַרגעטערט אים און פאָדערט מיט משוגענע קולות, מען זאָל אים אָנקליידן אינם פורפור. דער אַדל קוקט זיך צו מיט אימה און מוז שווייגן.

וועריניאַ

מיין זון, איך האָב אַלע מיינע גיטער געמאַכט צו געלט און גע־לאָזן אַרויפברענגען אויף דיין שיף. נעם דיין פרוי און שווים תכף־ומיד אַרויס אין ים. אפשר וועל איך נאָך דיר נאָכקומען, אפשר — ניט. איר זענגלט קיין מאַרסעל און טרויעריק און פעסט אַרומ־געמענדיק זיי נאָט זאָל אייך פירן. גייט שנעל אַוועק.

ב ע ר ט אַ

אומגאָטס ווילן! וואָס האָט פּאַרטראַכט מיין פאָטער?

ב ו ר ג אָ נ י נ אָ

דו האָסט פאַרשטאַנען דעם פאָטער?

ב ע ר ט אַ

אַנטלויפן, אָ נאַט! אַנטלויפן אין דער חופּה=נאַכט!

ב ו ר ג אָ נ י נ אָ

אַזוי האָט ער געוואָגט, און מיר פאָלגן. ביידע גייען צום האַפן.

---

# זעכצנטע סצענע

וועריגאָ. פּיעסקאָ אין הערצאָגישע קליידונג. טרעפן זיך איינער מיטן צווייטן.

פּיעסקאָ

ווערינאָ, ווי געוואונטשן. איך בין נאַר וואָס אַרויס דיך אויפצוזוכן.

ווערינאָ

איך בין אויך צוליב דעם געגאַנגען.

פּיעסקאָ

באַמערקט דען ווערינאָ קיין פאַרענדערונג ניט אין זיין פריינד?

ווערינאָ

טרוקן

איך וואָלט ניט וועלן קיינע.

פּיעסקאָ

אָבער זען זעסטו אויך ניט קיינע?

ווערינאָ

ניט קוקנדיק

איך האָף, אַז ניין.

פּיעסקאָ

אָט זעסטו, מסתמא איז דאָך אמת, אַז די מאַכט פאַרוואַנדלט אונז ניט אין קיין טיראַנען. זינט מיר האָבן איינער דעם צווייטן פאַר־לאָזן, בין איך געוואָרן געגועם הערצאָג, און ווערינאָ דריקנדיק אים צו דער ברוסט געפינט מיין אַרומנעמען נאָך אַזוי הייס, ווי אַלע מאָל.

ווערינאָ

אויב אַזוי, איז נאָך ערגער, וואָס איך דאַרף אויף דעם ענטפערן מיט קאַלטקייט. דער אויסזען פון מאַיעסטעטע פאַלט ווי שניידנדי־קער מעסער צווישן מיר און דעם הערצאָג! יאָהאַן לודוויק פיעס־קאָ האָט באַזעסן לענדער אין מיין האַרצן. איצט האָט ער דאָך גענוג איינגענומען, נעם איך מיין אייגנטום צוריק.

פיעסקאָ

פאַרוואונדערט

זאָל גאָט היטן! פאַר אַ הערצאָגטום וואָלט דער פרייז געווען צו יידישלעך.

ווערינאָ

מורמלט ברוגז.

ד.ם. איז דען די פרייהייט שוין אַזוי אַרויס פון דער מאָדע, וואָס מען גיט דעם ערשטן בעסטן אַוועק רעפובליקן פאַר שאַנדגעלט?

פיעסקאָ

פאַרבייסט די ליפּן.

דאָס זאָג קיינעם ניט, אויסער פיעסקאָן.

ווערינאָ

אָ, נאַטירלעך! דאָס מוז זיין אַן אומגעוויינטלעכער קאָפּ, ווען די וואַרהייט גייט פון אים אַוועק, ניט באַקומענדיק קיין פּאַטש. אָבער אַ שאָדן. דער כיטרער שפּילער האָט נאָר אין איין קאָרט אַ טעות געהאַט. ער קאַלקולירט די גאַנצע שפּיל אויף קנאה, אָבער דער ראַפינירטער וויצלינג האָט צום אומגליק פאַרגעסן אָן די פּאַטריאָטן. זייער באַדייטונג. האָט דער אונטערדריקער פון דער פרייהייט איבער־געלאָזן כאָטש איינעם פון די שטריכן פון דער רוימישער טוגנד? איך שווער ביי גאָט, איידער די קומענדיקע דורות וועלן אויס־גראָבן מיין געביין פון דעם בית־עלמין פון אַ הערצאָגטום, זאָלן זיי עס בעסער צוזאַמענקלייבן פון דעם ראָד.

פיעסקאָ

נעמט אים אָן מיט געפיל פאַר דער האַנט.

אויך דעמאָלט ניט, ווען דער הערצאָג איז דיין ברודער? ווען ער

וויל זיין פירשטנטום פּאַרוואַנדלען אין אַן אוצר פון מעשים־טובים, וועלכע זיינען ביז איצט, ביי דער אָרעמקייט פון זיין הויז, געגאַנ־גען בעטלען? ווערינאָ, אויך דעמאָלט ניט?

ווערינאָ

אויך דעמאָלט ניט — די אומגעקערטע גנבה האָט נאָך קיין גנב ניט אַרויסגעהאָלפן פון דער תליה. חוץ דעם וואָלט דידאָזיקע גרויסמוטיקייט ניט אָנגערירט ווערינאָן. מיינעם אַ מיטבירגער וואָלט איך שוין געקאָנט ערלויבן צו טאָן מיר גוטס — מיין מיטבירגער וואָלט איך געהאָפט אָפּצודינען. די מתנות פון אַ פירשט איז חסד, און חסד טוט מיר נאָט.

פיעסקאָ

מיט פאַרדראָס:

ס׳וואָלט מיר לייכטער געווען אָפּצורייסן איטאַליע פון מיטלערדישן ים, איידער דעמדאָזיקן עקשן פון זיין עקשנות.

ווערינאָ

און אָפּרייסן איז דאָך חוץ דעם ניט דער ערגסטער פון דיינע כּאַלאַנטן, וועגן דעם קאָן דערציילן דאָס שעפעלע רעפּובליק, וואָס דו האָסט אַרויסגעריסן ביי וואָלף דאָריאַ פון מויל, כּדי אַליין עס אויפצופרעסן. — אָבער גענוג! נאָר זאָג מיר אַגב, וואָס האָט פאַרזינדיקט דער אומגליקלעכער טייוול, וועלכן דו האָסט אויפגעהאַנגען אויפן יעזויטן־קלויסטער.

פיעסקאָ

די קאַנאַליע האָט אונטערגעצונדן גענוע.

ווערינאָ

אָבער די גנועצן האָט דאָך די קאַנאַליע גאַנץ געלאָזן.

פיעסקאָ

ווערינאָ מיספאַרוויכט מיין פריינדשאַפט.

ווערינאָ

אַוועק מיט דער פריינדשאַפט! איך זאָג דיר דאָך: איך ליב דיך ניט מער. איך שווער דיר, אַז איך האַס דיך, האַס, ווי די שלאַנג

פון גן־עדן, וועלכע איז אויף דער וועלט באַנגאַנגען די ערשטע זינד, אונטער וועלכער עס בלוטיקט נאָך דער פינפטער יאָרטויזנט.
הער פיעסקאָ. ניט אונטערטאַן קעגן האַרן, ניט פריינד קעגן פריינד, נאָר מענטש קעגן מענטש רייד איך צו דיר. שאַרף און מיט קראַפט. דו האָסט געטאָן אַ שענדלעכע זאַך קעגן דער מאַיעסטעט פון דעם אמתן גאָט, וואָס דו האָסט געלאָזן די טונגד אַרבעטן פאַר דיין פאַרברעכן און געגועם פאַטריאָטן פאַרקנעכטיקן געגוע. פיעסקאָ, ווען איך וואָלט אויך געווען דער ערלעכער תם, וואָס קאָן דיין שאַלקהאַפטיקייט ניט באַמערקן, — פיעסקאָ! איך שווער מיט אַלע אימות פון דער אייביקייט! — אַ שטריק וואָלט איך צונויפגעדרייט פון מיינע אייגענע געדערים און זיך דערוואָרגן, און מיין אָפּפליענדיקע נשמה וואָלט דיך אָפּגעשפריצט מיט גיפטיקע שוים־בלעולעך. דער פירשטלעכער פאַרברעכן צעברעכט, געוויס, אויף דער העלפט די גאָלדענע שאָל פון זינד, אָבער דו האָסט פאַרשוועכט דעם הימל, און דיין משפט וועט געבראַכט ווערן אויפן יום־הדין פון דער וועלט.

פיעסקאָ פאַרוואונדערט און שווייגנדיק מעסט אים מיט גרויסע אויגן.

## ווערינאָ

טראַכט ניט צו קיין ענטפער! איצט איז צווישן אונז אַ סוף. נאָך איינציקע מאָל דורכגיין זיך הין און צוריק. הערצאָג פון גענוע! אויף די שיפן פון די נעכטיקע טיראַנען האָב איך דערקענט אַ מין אָרעמע בריאים, וואָס מיט יעדן קלאַפּ פונם רודער קייען זיי ווידער איבער אַן אַלטע שולד און ניסן טרערן אין ים, וועלכער איז זיי אַ רייכער מענטש צו חשוב, צו ציילן זיי. אַ גוטער פירשט הייבט זיין רעגירן אָן מיט רחמנות. ווילסטו זיך באַשליסן פריי צו לאָזן די שקלאַפן פון די גאַלערעם?

## פיעסקאָ

שאַרף.

זאָלן זיי זיין די בכורים פון מיין טיראַניי! ניי און מעלד זיי אַלעמען באַפרייונג.

ו ו ע ר י נ אָ

אַזוי וועסטו טאָן דיין זאַך נאָר אויף דער העלפט, אויב דו וועסט פאַרלירן זייער פרייד. פרווו זיך און גיי אַליין! די גרויסע האַרן זיינען אַזוי זעלטן דערביי, ווען זיי טוען בייז; זאָלן זיי דעם אויך גוטס טאָן בשתיקה? — איך מיין, דער הערצאָג קאָן ניט זיין צו גרוים פאַר קיין בעטלערס געפילן.

פ י ע ס ק אָ

מענטש, דו ביסט שרעקלעך. אָבער איך ווייס ניט, פאַרוואָס איך מוז דיר פאָלגן. ביידע גייען צום ים.

ו ו ע ר י נ אָ

שטעלט זיך אָפּ, מיט צער.

אָבער נעם מיך נאָך איינמאָל אַרום, פיעסקאָ! דאָ איז דאָך קיינער ניטאָ, ווער עס זאָל זען ווערינאָן וויינענדיק און אַ פירשטס פילעווי-דיקייט. נעמט אים האַרציק אַרום. געוויס, קיינמאָל האָבן נאָך צוויי גרעסערע הערצער ניט געשלאָגן אַזוי נאָענט צוזאַמען. מיר ליבן זיך דאָך אַזוי ברידערלעך וואַרעם. וויינענדיק שטאַרק ביי פיעסקאָן אויפן האַלז. פיעסקאָ! פיעסקאָ! דו לאָזט איבער ליידיק אין מיין האַרצן אַן אָרט, וואָס דער מענטשלעכער מין, דרייפאַך גענומען, וועט אים קיינמאָל מער ניט באַזיצן!

פ י ע ס ק אָ

זייער גערירט.

זיי — מיין — פריינד!

ו ו ע ר י נ אָ

וואַרף אַוועק דעמדאָזיקן מיאוסן פורפור, בין איך עס! דער ערשטער פירשט איז געווען אַ מערדער און האָט איינגעפירט דעם פורפור, כדי די פלעקן פון זיינע מעשים צו פאַרבאָרגן אין דער-דאָזיקער בלוטיקער פאַרב. הער פיעסקאָ! איך בין אַ קריגסמאַן, איך פאַרשטיי מיך ווייניק אויף נאַסע באַקן — פיעסקאָ! — דאָס זיינען מיינע ערשטע טרערן — וואַרף אַוועק דעמדאָזיקן פורפור!

פ י ע ס ק אָ

שווייג!

ווערינאָ

שטייט שטאַרקער צו.

פּיעסקאָ! לייג מיר פאָר אַלע קרוינען אויף אונזער פּלאַנעט פאַר אַ מתנה, זאַמל צונויף אַלם שטראָף אַלע אירע פּיינען, איך זאָל מיך קניען פאַר אַ שטערבלעכן — איך וועל מיך ניט קניען — פּיעסקאָ! פאַלנדיק צו דער ערד. דאָס איז דאָס ערשטע מאָל, וואָס איך פאַל אויף די קני — וואַרף אַוועק דעם פּורפּור!

פּיעסקאָ

שטיי אויף און רייץ מיך מער ניט.

ווערינאָ

אַנטשלאָסן.

איך שטיי אויף. איך רייץ דיך ניט מער. זיי שטעלן זיך אויף אַ ברעט, וואָס פירט צו אַ גאַלערע. דער פירשט דאַרף גיין פריער. גייען איבער דער ברעט.

פּיעסקאָ

וואָס צופּסטו מיך אַזוי פאַרן מאַנטל? ער פאַלט!

ווערינאָ

מיט אימהדיקן שפּאָט.

איצט, ווען דער פּורפּור פאַלט, מוז דער הערצאָג אויך נאָך אים פאַלן. ער שטויסט אים אַראָפּ אין ים אַריין.

פּיעסקאָ

שרייט פון די כוואַליעס.

העלף, גענועז! העלף! העלף דיין הערצאָג! פאַרשווינדט אין די כוואַליעס.

---

# זיבעצנטע סצענע

---

קאַלקאַניאָ, סאַקאַ, ציבאַ, צענטוריאָנע, פּאַר־
שוואַרענע, אַ המון.

קאַלקאַניאָ

שרייט.

פּיעסקאָ! פּיעסקאָ! אַנדרעאַס האָט זיך צוריק־עקערט. האַלב גענוג
איז צו אַנדרעאַסן צוגעשטאַנען. וואו איז פּיעסקאָ?

וועריננאָ

מיט, פעסטן טאָן.

דערטרונקען!

צענטוריאָנע

דאָס ענטפערט דער גהינום, אָדער דאָס משוגעים־הויז?

וועריננאָ

מען האָט אים דערטרונקען, אויב דאָס קלינגט שענער. איך גיי
צו אַנדרעאַסן.

אַלע בלייבן אין פאַרגליווערטע גרופּעס. דער פּאָרהאַנג פאַלט.

---

